# „איך"

(מעדיטאַציעס אין פּערזן)

פון

ש. פּעליטש

פאַרלאַג „אידיש לעבן"
ניו־יאָרק, נ. י.

פון זעלבן מחבר ביז איצט דערשינען:

„אין ליכט פון שאָטן״

(פּראָזע און פּערזן)

פאַרלאַג „זעלבסט״, 1937

פּרייז 1 דאָלער

זיך ווענדן צום מחבר
S. PELLICH, 93 Neptune Ave., Brooklyn, N.Y.

אָדער צום פּארלאג „אידיש לעבן״
66 East 12th Street, New York City



איז, וועט — געוועז . . ,
פאסירט א געשעז —
אין אַ פאַבל, ערדיש קרייזל —
מיט אַ איך און א דו־ער,
דו־ער דו־וועד.
עגאָ —
איז דערביי,
זיין־פאַראָרדנונג טריי.
גאַפט און שטוינט,
געקרייציגט און געקרוינט . . .
— — — — — — — — — הלמאי?



## א

צעשפּליטערטע שטראַלן
אויף געמיטער גליאיק פאַלן,
אין שטיקלאַך, ברעקלאַך,
מיט חלף שאַרף
אויף שמילע זיפצן
פון פלאַטער־האַרץ.
יעדעס פּיצל, בליציק שפּיצל,
אויף נשמה פּאַן —
ציטער טאָן.
שאָטנס קילע אין טעג פאַרקלערטע,
תפילות שטימע אין נעכט פאַרטרערטע, —
שטראַלן פאַר׳חידוש׳טע
אין שפּיגלען פאַר׳כישוף׳טע
פון אויגן פאַרציטערטע,
הערצער דערשיטערטע;
אויף וויזיעס פאַלן
פון רוימישע זאַלן
אין לערן געבויט
אויף לעבן און טויט.
קוקן פאַרגאַפטע,
דערשטוינטע, געפּלעפטע:
וועלט — א וואָרהאַפטע,
אין ממשות באַלייבטע?
חלומות, מיראַזשן,
קראַנקע קאָשמאַרן,
פון אמת׳קייט פרעמד,
אָפּטיש פאַרבלענד?

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
רינגט און רינגט, און רינגט
אומאויפהערלאך געזאַנג,
שטערן און פּלאַנעטן
אין קרייזן־קרייזנגאַנג.
אוצרות פון אַטאָם,
ווירבל אין אַ שטראָם,
אומזיכטבאַרע קרעפטן
פון שכל ניט באגרייפטן.
קלינגט און קלינגט, און קלינגט
יאָמער און געוויין
אויף חיות'דיק סובסטאַנץ
פון בריאה און פון פלאַנץ,
שטיין און מינעראַל
אין רוימען רוימען־אַל.
אַנגסט פון פייניק זיין
אין פייער פון די זונען,
אין שטויבן פון פּלאַנעטן.
מיט רעכענונג געפּלאַנט
פון עפּעס אַ פאַרשטאַנד?
משונה'דיגער צופאַל
אין געהיימניספולן וועלטאַל?
אין יעדער זון און שטערן,
פאַלנדן ראַקעט —
קיום־צער, אימה
מוחות, הערצער פרעסט.
און איך —
אויף שאַרף פון שווערד
צווישן הימל ערד.
אויסגעזעצט צו שטורמווינטן
אינם חלל פון לערע גרונטן,

אין קאָפּגעשווינדל פון געדרייען,
מיטן אויג ניט אָנצווזען.



## ב

אויבן-אונטן —
הימל גרונטן
אומגעטראָגן אויף שטורמווינטן.
אין איין אָטעם
וועלטן ווערן
צעשטויבטע שטערן,
צעשטויסט אין לערן,
אין קוים געדאַכטן אָט-אַדאָ,
אין פולן-פוסטן בלי מה . . .
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
לויפן שטערן
אין אַנגסטן הערן:
„זאָל עס ווערן!"
פינקלען טרערן —
מוז עס ווערן?
סע איז באפוילן —
פון די גאַזן זאָל וואַסער ווערן
און יבשה — בערגלאך.
מיט באוואוסטזיין פון אַדאָ-זיין:
איך!
פרייד-לייד,
פאַרלאַנגען-דערלאַנגען,
ווילן — דורשטן שטילן . . .
דו-ער —
בוי-צעשטער,
איכ-ס צעקרימטער שמייכל,

געוויינט אין טרער,
שפינוועב, דינסטער פּאָדים,
אינם אויבן־אונטן שטורם.
דו־ער —
דו־ ווער? . . .
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
הויפּנס זאמד
און הויפּנס וואַסער —
בלינדער שטערן,
אַ נייער ווערן,
בלוט און טרערן.
אריין א שטיינדל,
קרייזט זיך קרייזל,
אויפגעריסן וואונדער־אויגן,
פון א נעפּל, פאַרהאַקטע שויבן,
פּחד, ספקות — און פלאַמיג גלויבן . . .
איך, דו־ער —
משונה'דיג געדריי,
פיינלאַך וויי.
דו־ער, דו־ווער,
אַ — או!
איז ווער פאַראַן אַוואו,
נאָענט צי אין ווייט?
— צייט . . .
צייט —
לאַנגווײַלט זיך אין רוימען,
שומר איבער שטאָף און קראַפט —
איך־דו־ער'ס קאָשמארדיגע טרוימען . . .
נאָך אַ רגע, נאָך א שעה —
קיינער קומט ניט, איז ניטאָ . . .
קיינער קומט ניט?

איז ניטאָ?
צייט —
אויף גאָרניט הוידעט זיך,
הין און הער, הין און הער,
מיט אלע חושים הערט זיך איין —
צי רופט ניט ווער,
צי קומט ניט ווער? . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
חלל איבער חלל,
אויסגעהוילט געצעלט,
אָפּגעדעקט און שווער פאַרשטעלט . . .
דרייען העלזער אויסגעשטרעקט,
נייגיר־יאָמער, תהומים־שרעק . . .
אילוזיע,
וויזיע? . . .
בייט אריינפיר, אַן צוים, אָן טיר,
שעלמיש ווינקט סאַטיר . . .
שטילעניש דראָענד וואַרט,
א מחשבה גרויזאם טראַכט:
צי מ'עט ווען,
מ'עט ניט וועלן —
באַטרעטן מוז מען מיינע שוועלן.
ש—ש—ש . . .
עפּעס־וואָס
שווימט אין פלוס.
איז —
ברואים שווייגנדיגע,
און ברואים שרייענדיגע,
און זשום אין זומפּ:
פּאָראַויס, טריאומף!
און קלאַנג אין אָטשערעט:

געוועזן — סע איז,
ס'ע איז — סע וועט . . .
קאַראַהאָד און מינועט —
אין ווירבל-ראָד
געטאַנצט, געדרייט . . .
און פעסטע דעמבעס, אויפן שליאַך,
מונטער רוישן: פרייד אַ סך.
און שוואַכע ווערבעס, נעבן טייך,
נאַסע קרעכצן: אַך . . . אַך . . .
איז —
פּאַלאַצן און וויסטע חורבות
אין הערצער וואַך . . .
אינם פלום —
איך — אַ זיין,
אין צוואַנג-געשפּאַן.
קורצן שטח אָפּגעגאַן —
גאָרניט מער פאַראַן . . .
ש—שאַ, שטיל,
ניט איך פיל, ניט איך וויל . . .
אינם לער —
דו-ער, דו-ווער!
איז עס וואָר, צי אויסגעטראַכט:
אינם שווייגן — ציל דערגרייכט? . . .



## ג

. . . איך — רויט
און ווייס, און שווארץ,
און ברוין אין הויט —
פאַרטריבן, צי פאַרקליבן,
אויף אַן ערדיש בערגל,
מיט הימלען, האָריזאָנען,
געסט און קאָמפּאַניאָנען,
אויף אַ וויילע.
איבער טאָג און איבער נאכט פאַרבליבן —
שיקזאַל.
אין חשכות —
אין נארע שטום פאַרשטעקט.
אין אויפגעשטראַל —
אוצרות אויפגעדעקט.
מיט שפּילערייען צייט פאַרטריבן:
כלומרשט לאַכן, ברומען
און הינטיש בילן.
וויין געטרונקען,
ווי אין פרייד געזונקען.
און —
געריסן בלומען,
נשמה־ליד פאַרנומען.
און ווי האָבן אין א לוזשע
פיש זילבער־גאָלדענע זיך גענומען.
אויף א גרעזעלע —
פידל־סטרונע ציטער־קלאנג —
אַ שמעטערלינג געפונען . . .

רוימען־טרוימען — ליכטיגע זונען.
אַ שטויבל פון לבנה שטראַל
אין אויגן־נעץ געפאַנגען,
אויף קרישטאָלן שפּינוועבבס
געהויבן זיך, געהאנגען.
חלומות, זעאונגען.
אין ביטערניש — פרייאונגען.
מיסטעריע,
זיין־היסטעריע . . .
פאר׳כישוף׳טע, פאר׳חידוש׳טע,
מיסטיש וועב געשפונען
צו טעמפּל, קלויסטער און מאָשען.
פאַר געשפּענס׳ט געצויגן זיך,
האָלץ און שטיין.
ס׳האָט אין פּחד זיך געצירט דער מוח,
אין ריזנשוואַכקייט געלעגן איז מיין כוח . . .
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
דורכזיכטיג זילבער
צירקלט און זיגזאַגט,
כוואַליע בלוי און לויטער
וויגט זיך ציטעריג, זאַכט.
און —
— וועמען אוניווערם
מיר געגעבן:
בלום און גראָז
און שפּינוועב פאַר מיין הויז.
און פעלד און וואַלד,
פון א ווייטער זון דאָס ליכט.
און אַ פיינלאך אַנען
פון פּנים׳לאָז געזיכט.
און שטערן און לבנה —

פאַרוועבט אין מיין נשמה.
און ים און הימל —
אין מיין ליטאַרגיש דרימל.
עמאָציע, געדאנק —
סטימול געטראנק,
און א בערגל, און א פויגל
האַלטן מיך דערהויבן,
און פאַרפיומען פון די בלומען,
און שפּיזיג שטאָך פון בין,
דונער, בליץ און שטורם,
און פרייד פון בלוי, ראָז און גרין.
מוזיק צו מיין אויער —
שטראַליג מורמל פון פאָנטאַן,
שטורמיש בייזער פון אָקעאַן.
אין די פונקען פונם רוים
פלאַקערט מיינס א טרוים.
וואָלקן אין דער הויך —
מיין שלאָס געוועבט פון רויך —
טראָגט מיין וויי און באַנג,
פּחד און געזאַנג . . . .
אינם פלייש —
מיין ערדיש פורעם.
אינם שוועב —
נשמה טורעם.
טיפט מיין וואָר אין פיבער־חלום
פון א וועלט — פאַנטאַסטיש,
רוחניות און גשמיות,
געשפונען און געקנאָטן,
באַפעסטיגט און באטראָטן
פון ים און זון, לבנה,
פויגל, פלאַנץ, בהמה, —
אין מיין חוש, אין מיין כונה . . .



ד

אין א וויזיע דערבליקט,
פון אילוזיע אַנטציקט,
האָט עמיץ דורך כישוף־לאָמפּ גערופן
מיך — צו זיך —
זיין קעניגרייך באַזוכן.
מיט א תנאי —
אויף א ווייל, נאָך דער ריי.
אין באַלוין —
תענוג־קרוין —
אינטימער סוד פון שאַף יסוד.
איז אין שנעלקייט, קאָפּ געשווינדל,
דרימלט אַ געזינדל.
אין בלאַסן גלימער פון פּראָגרעסן
איך — אין גהנום גרויל פארגעסן.
הייל און וואַלד —
נאַכט געשטאַלט.
שטראַלן ניט געבריט,
פאַרלאַנגען קוים צעגליט.
טראָפּנט לאַנגזאַם טריט,
לאַנגווײַלט איינזאַם שריט.
שעה —
שטיל־געשטאַנד אַדאָ.
איך — וואונד
אין דו־ערם בונד.
פון ווייגל שריי
ווייטאָג טריי:
אינמיטן גרינעם זומער

ווינטער שליאַך צעשפּרייט —
ברודנע הורבעס שניי.
אויגן-פויגל צאַנקען,
שטעכיק, הונגער ווײ.
לוסט און נויט —
פייער-רויט —
אין בוזעם שטורמיק נעסט,
מיט אומקום זיך פאַרמעסט . . .
ערד-וואַלד — קאַלט און הויל.
הילפלאָז קרעמפּט דער וואָי
גוסס-יאָמער פון אַנגסטן קול,
שלוכץ פון אַ שאַקאַל,
פאַר'חתמ,עטער שיקזאַל.
געלאָזן אים אַליין אין וועג,
קרבן פון אַ ווילד געיעג.
חבר זיך מיט וואָלף און בער,
אין באַגער און אין געווער.
ריזנפעלזן קראַכן,
פייער-ים'ען שלייכן.
הענגט אַ גרויער מאָרגן.
ליכט — פון איך פאַרבאָרגן,
פון ווינט און קעלט געשווידערט.
געזאַנג אין סקלעפּן גליווערט
געקרייציקט אויף תאוה,
קראָ געפאַרבט אין פאַווע.
אינם ערדנרויש,
פינסטערניש געשטוים,
איכ'ם געשריי הילכט שטום.
רוף — קרעכץ פון לאם,
נאַכטיק וואָי פון הונט,
גלי פון צאַנקנד פלאַם,
גרוי געוויין פון שטיין.

אויף פאַרצאמטן וועג
פאַרצווייפלט רופט געבעט
צו אדו־ער, דו־ווער,
זיין פחד׳יג באַגער . . .
ערגעץ, אויף א פינטל ערד,
אַ געיאָגטע שוידערט שאָף.
איבער הימל־ערד הענגט א שווערד.
ניט פאַרדינטע שטראָף.
איז רוימען־הויז, אין איין אויג —
אַ צעלעכערט שטיקל כמאַרע —
צונויפגעדרייטער אַרעסטאנט
אויף א תפיסה-נאַרע.
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
אויבן־אונטן, אונטן־אויבן —
ווילד זאַהאַראַ,
קאָלירטע פאַרע,
מיט רוימען־שטויבן,
מיראזש פון פאַרבן.
פון ווער געמאָלן אויף קרישטאָלן,
מיט טויט גבורות,
פאַרגיי עשירות,
אין באַוואָך פון גלייכגילט אויגן
צו לייד און פיין.
קרומער שפיגל פון ערדיש זיין.



## ה

הויכע ווייטע רוימען
הוידען זיך אויף טרוימען,
טאָג גייט אויף אין ליכט
פון אַ גרוים געשען,
פלאַטערדיגע פרעהן.
א מופת איז באפרייט,
אויף אָדלער פליגל רייט,
מיט קמיעה אינם מויל,
דערהויבן איבער גרויל.
גליאיג צויבער קלאַנג,
אוצר׳דיג געפאַנג —
ו ו אָ ר ט !

ציטעריג באַגין,
יונגע מילדע זון,
ניי אנטדעקטער טאליסמאן —
אין קאמערן ביי שטערן,
געלייטערט אין העלן פלאַם
פון אייביג שטרעבן, ווערן.
ו ו א ר ט .

נשמה און געשפענסט
מיט אַנגסט און פרייד געבענטשט.
האַס׳יג שוים אין גרויל,
פייער קויל אין מויל.
און ברויט, און טויט —
גלייכע ווערט מתנות,
געשענקטע אין דערבארעם

צו ערדישע קרבנות.
האָפנונג און טרייסט,
פון שוידערן דערלייזט,
צויבער שלעסער בויער
אויף קאַנווע לערער, גרויער.
הימל —
פאַרב געווימל —
שווארץ און גרוי,
און העל און בלוי.
צעבליטע בלומען,
דופטן, בשמים.
געדאנקען און באַגריפן,
דימענטן, זאָרגפעלטיג געשליפן.
האָט פריידיג, פריי געזונגען,
הימל-ערד — געוועב אין טרוים,
העל צעלויכטן וואונדער קרוין.
פון חושך זיך באַפרייט —
נעפלדיק נעבולע —
געקומען אין א ראם פון ברכה, קללה.
אין באַגלייט פון ווייטאָג פרייד:
איך וויל, איך וועל,
איך בין —
אַ זין . . .
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
כישופ׳דיגער רוים —
גאָלד-צעגליטער טרוים.
גורל-בוים מיין
האַלט צווייגן-העלזער פלאטעריג דערהויבן,
בלעטער ליפן צו דער הויך
דורשטיג אויס׳געצויגן.
איך —

גנאָדן שפּורט,
אויף די קניען, עקזאַלטירט.
זכיה, ווערט:
דופּטיג וויין,
פֿאַרבנשפּיל אין בריליאַנטן שיין.
כריזאַנטעמען, טולפּאַנען —
אין גאָרטן פֿאַרביג אויפֿגעבליט,
אין שטילע פֿריידן איינגעהילט.
נשמה׳דיג געבעט אין גלויבן אָנגעגורט.
אוצר ניי אַנטדעקטער,
ניגון אויפֿגעוועקטער.
יעדער מאָרגן, יעדער טאָג,
פֿרישער אָטעם, פֿעסטע וואָג.
דעם באַשענקטן —
צום באַזיץ,
פֿרייד באַנוץ.
פֿיבערט.
פֿייער פֿון בריליאַנט
אויף אַ ליבער האַנט.
ליידנשאַפֿט פֿון ליד
אין בענקעניש צעגליט,
באַווירצט מיט טאָן, קאָליר,
פֿרייד און טרויער ציר,
אַנטפּלעקט פֿון פֿייער זייל
אין חושך־שרעק פֿון הייל.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און באַשערט איז מיר,
אין מיין וואָרן חלום־טראַנס,
אימאַזש,
אין וואָרט באַגאַזש:
הימל שטערן, זון שפּאַציר,

חיה, פויגל, ערד באריר,
צער, טרער סענסאַציע
און פאַרלאַנגען, שוואונגגן-גראַציע.
טרוים —
האַרט ביי דער ערד,
פון באַרג און ים און וואַלד געגערט.
און —
הימל-הויך,
באַנג נאָך תוך
אין אייביג ווערן,
זון, לבנה, פלייץ פון שטערן,
אין הימל-באַרג, הימל-טאָל,
זילבער שניי, גרין קרישטאָל . . .
דאָרנקראַנץ אין אָרעאָל —
נצחון-גאַנג אין וואונדערלאַנד.
און שטעגל קורץ, סטעזשקע שמאָל,
האַרט ביים ראַנד —
ווי סע וועם באַשערט אהיים . . .
אַ בלום, א וואונדיג שניט,
אַ שמחה, אבל-טריט . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און האנט אין לופטן
פינקען זייט,
אויף ערדיש וועזן
אומרו גייט.
דעמער טעפיך אין פיבער גליט.
בליציגע שטערן רייפע ווערן
מיט פערלדיגע בענקשאפט טרערן.
פלאַטער-שימער קלער:
ווי קומסטו אַהער?
גייענדיגע פלאַנץ

אין וואַקל, פֿאַליג טאַנץ
אינם גאַנג פֿון שטום געזאַנג,
מיט כרופֿקער ערד און האַרטן שטיין.
אויגן אָפֿן אין בלינדן זען.



ז

בלייכע ליליע מיינע
ווייסע שמעטערלינגען אין בוזעם נאָרעט,
נשמה אין ראָזע רינגען פורעמט.
האַרץ פלאַטער אין אַלע זייטן,
העלע פרייד פון טיפע ווייטן.
שיפן אין וואַנדער
וואַסער־פערל שניידן,
ברויזע ים׳ען רייטן,
רעגנבויגן־מחשבות אין שפּיגל שלייפן.
גאָרטן־לענדער טרוימיג שווימען
מיט בוימער אין פרוכטן צעבליט,
פון זון־אויגן צעגליט,
געזאַנגען צינדן,
צו שטראַלן בינדן,
מתנות וואַרפן
אין קושן צעלויכטן.
פרייד!
איבער הימל־וואַסער־פעלד,
אין גרין, בלוי, רויט,
אין פאַרמעסט מיט טויט.
און —
ראַלט זון אויסגעשעפּט,
צו פאַרגאַנג —
שפּרייט טונקל זייד א לופטיג פליגל,
מידן טראָט קילט אין גאַנג.
וועלטן אויסגעפּראַכט,
מיט גערטנער,

זיגנליד אָן שלאַכט —
הערשער.
יעדער קלאַנג —
כונה,
בליץ־נשמה.
ליכטיק אויסרוף פון טרומייט,
מיט נצחונות איבער ישוב גייט.
יובל פריי
אין געזאַנגען גיי.
בלומען אין דימענטן געפּאַסט,
הימל, שטערן — פּראַכט פּאַלאַסט.
לבנה צויבער הויכט,
כּישוף׳דיק אין אויגן לויכט —
פאַר וואָגל שיף אַ פּאָרט,
נשמה־רו דערוועַרב
פאַר לאַם און טויב.
אויס מאָרד, אויס רויב.
וועלט אַ פרייע, געצאַמטע חיה,
מיט פריידנקוואַלן לויכטיק,
וואונדער מעשים מעכטיק,
רוישיק אויסגוס פון געזאַנג,
פריש, דערקוויק געטראַנק.
איך —
אַ בן מלך, א באַרטער,
מיט דייאַדעם, פּערלווערטער,
בשורות און שירות,
נשמה הויך, נשמה טיף.
אין רו פאַראַנקערט
טרוימט אַ שיף —
געזאַנג, כּישוף גאַנג.
איך — בחיר,
וויזיאָנער,

אימפּעטיגער טראָג,
אין שטראַליגן דעריאָג . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —
איך האָב געזען —
אין די פרייען־ווייען.
**פּאַווע עק**
הימל האַלב באַדעקט.
פאַנטאַסטישע קאָלירן
טעפּיך מאָדולירן.
צוויבער אויסגעשפּרייט
פאַר עקזאַלטירט געבעט.
און געפאַלן איז מען כורעים,
אויפגעהעלט מיט האָף,
גלויבן פון גבורים
אין טריאומפן סוף.
אינער רוף דערהערט
פון הימל צו דער ערד:
זין אין זיין,
א מיין פאַראַן . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —
פרידן אויף דער ערד.
אין זילבער שטויב —
אויף וואַנדער וועגן;
אין גאָלד געשמאָלצן —
אין קורס פון שטאָלצן.
זונט!
תפלות פלאַטערן אין הארצן
פון ציטערדיגסטן, שוואכסטן.
האָפנונג!
אין טונקל ווינקל.

אין דער הויך, איבער מיר,
ברייט צעעפנט איז אַ טיר:
חלומות לופטיק־לייכטע,
אין וויזיעס געדאַכטע,
איבער הימלען ציען
אין טעפּיכער ביז קניען.
שיינענדע געצעלטן —
גרוי אייז און ראָז שמעלצן.
מ'איז באַפרייט פון געוואַלד —
באַשערט, שיקזאַל געוואַלט.
שלייכן גייסטער
קלאָר געזעענע,
פול באַנומענע,
שטראַליק־זוניקע,
אַזורן זילבער לייביקע,
אין מאַנטלען פריידיק־פאַרביקע.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
ס'האָט פּאווע־פאָכער
אויפן הימל זיך צעלייגט
מיט עדלשטיין קאָלירן,
כוואַליע כישוף פון טראָפּיק־ים —
פאַרבענקטע אויגן, קרישטאָלן שויבן,
אָנגעוויי פון בלום־דופט טעם.
און פרייד געטראָגן
ווייט אריבער ים'ען,
מיליאָנען טאַנען.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
זאַמדיק בערגל גליט,
אין חסד פלאַמען.
איך מיט דיר —

אַ בונד, צוזאַמען.
די־ער פון הויכן שטראַלט,
טויערן פראַלט —
זאָל ליכטיג זיין,
וועלט איז דיין.
טאָג אין העלקייט אויפגעגאַן,
זעלטן ווען פארגאַן.
נאַכט, אין שווארצן, ניט פאראַן.
זילבער דעמער
אין שטערן קאַמער,
אויף אַ קלאָרן פאַן,
ווייך פידל־טאָן.
איך איז באַרוישט
פון שטראליג וואונדער,
פאר'כישופ'ט פון לוסט —
שמייכלדיגער שטים פון קינדער.
וואונדער רייסן זיך צו זונענשיין,
ווילן שנעלער ווערן, וועזנס זיין —
געזאַנג דערהערן פון מענטשן־ספערן,
אין לערן־פולן בלי־מה —
אַ הארציג פריידיג ברוך הבא . . .



ז

געהיימניספולע האַנט
פּלאַנט אונטער אַ וואַנט.
מיט כישוף-שטאָק א מאך —
טיפסטער שלאָף דערוואַך.
טויכט ארוים אַ הויך,
נגינה פון אַ כּוח.
שטערן און פּלאַנעטן
אוידיענצן [illegible] ווערן,
פאַרגאַפטע מוזיק הערן.
באַרג און טאָל
אין פעלדער טיף צעאַקערט.
אין שפּיגל פון קרישטאָל
מאָרגן-דעמער פלאַקערט.
איך —
אין שטוין,
אַנטציק-געשען,
זון פון זונען זוכט,
לויטער פלאַם געזיכט.
שליסל צו שקאַטולקע,
געהיימע שריפט אַנטפּלעקן
פון פאַרהוילטע שטרעקן —
צו תהום'ען-רוימען-הויז,
דו-ער, דו-ווערם אין סופיג אוניווערס.
אַוועק אינם טונעל,
טיפעניש פון זעל,
פאַרשן אַ לעגענד,
אָן אָנהויב, אָן ענד —

לעבן־וועלט,
אין פאַרביגע טומאַנען איינגעהילט געצעלט.
יעדער אָט־נאָר־וואָס —
אונטער שוואַרצן גלאָז —
אַמאָל, אמאָל,
אין טיפן נעפּל טאָל.
געוועזן, געזען, געהערט;
זאַכן מינדערוויכטיגע
און פון גרויסן ווערט.
געוויינט, געלאכט,
קאָשמאַר און מיראזש
אין צויבער אויסגעדאכט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
גאָלדענע טעג,
זוניגער וועג.
בעז און אַקאַציע —
ברוך הבא, אָוואַציע.
דופטן אַנאַנאַסן
צייטיגע צום רייסן.
און ווייַן רויטלט אין די טרויבן,
און רעגנבויגנס זוכן מיינע שויבן.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
זומערס מידער שטראַל
פאַרלאָזט דעם פּעדעסטאַל.
פו געזעגן־טאָן גערירט,
אומעטיג וויברירט.
אין פאַרשטיקטע קלאַנגען,
אויף וואָלקנס רויט צעהאַנגען.
ווינטן אָנזאָג טראָגן,
דעראינען יאָגן . .

און —
מיין טאַטן איך זע
אין לייביגן ווײי.
באָרוועס און האָריג,
שרעקיג און נאַגיג.
טיפּט זיין געצעלט
אין גרויזאמער קעלט —
זומפּ, וואַלד און הייל.
און אכזר־באַפעל:
פינסטערע נעכט,
אייביג געפעכט,
הונגער, געפריר,
צעצאָרנטער ברום,
באַפעלנדער „קום" —
שיקזאַל ביי דער טיר.
און איך הער —
האַסטיג גאַלאָפּ,
טויט שרעק געלאַף.
וואָלף, לייב און טיגער —
אייגנלייביגע יעגער,
פון דו־ער באַשטימטע פלעגער . . .
שפּרינג און שוואונג, און שוועב.
פויגל, הירש און לייב.
געזאַנג, געפאַנג און רויב.
קרייצט ברוטאַלן וועג
הירשן שטילער שטעג.
און איך בין פלאַם און לאַם,
ברום און פייניג שטום,
מילדער ווינט, טויאיג גראָז,
שטעכיג דאַרן, קאָכיג צאָרן.
און איך זע:
מונטער הירש געפריי

איבער שטענן גראָזיגע
אויף פליגל פּיס געטראָגן,
צעשראָקענע פייגל יאָגן.
נישטיגע קראַפט
נצחונות דאַכט.
נאַכטיג באַשאַף
אין לעבנס געלאַף
צו קלאָר צעשטראָמטן טייך —
שפּיגל־חלום וואַכט
פון אייגן גרוים גענאַרט.
אין גדלות פלאַם צעשטראַלט —
פרינציג הירש געשטאַלט,
צו אייגן גורל איילט.
צווייגן הערנער — פויגל שווערמער —
פליען,
אין ווייטן ציען,
וואַנדער לוסט,
ענדלאָז קורס.
און פאַרפּוצט —
גאָלד, בורשטין,
אין פרייד פאַרטאָן.
פריי!
פלי, געלאַף און שפּרינג.
מיט תּליות, סמ׳יג צונג.
גלאַנציג לייב
אין לוסט געטרייב,
שטאַנגען פיס — שטאָלן גוס,
עלאַסטיש בויגן,
צו יאָג געצויגן.
הירש שמייכל־לאַך
האַסטיג שטאָלץ דערוואַך,
וואונדער שפּיל,

קראַפּט דערפּיל.
וואַלד שטראַלט מיט שאַלן־פרייד,
ווינט, אין גרין, האָפנונג זייט.
הירשן־גלאַנץ,
לעבן־טאַנץ —
פריי געפלי, פלאַטער, גלי,
צעלויכטן לופט־קרישטאָל
אויף הימל־באַרג און שאָטן־טאָל . . .
ירושה־פיין
פון טאַטן מיין —
הירש, לייב טויב,
געפאַנגענע אין שטויב . . .
— — — — — — — —

. . . הימל, אויסגעשפּרייט אין האַרצן,
פון פרימאָרגן זון געמאָלן,
אין טרויער־פרייד געטראָגן.
און שטערן נאַכט,
פון טרוימער אויסגעדאַכט.
שטילער אָטעם הויכט,
אויף און איבער מיר,
פעלד און וואַלד קאָליר,
קילן ווינט,
קלאָרע טעג געזונט.
און דינע פינגער גלעטן מיך —
אין רעגן, שניי באַריר.
און עמיץ בליצן צילט אויף מיר,
פון סודות׳פולער טיר.
געמיש —
זייד און ריס . . .
הירש מיט פליגל,
און טיגער־ציין, קאַצן־נעגל.



## ח

לעבן —
מיסטעריע־געוועבן.
הימל רוים — ריזן־טשערעפּאכע,
קראַפּט אַ טעמפּיג וואַכע,
אין גרינעם קרעמען־וועג,
שליאַכן־שטרעק באַזיג.
שלייכט און גרייכט
שווערע וואָלקן־מאַסע
מיט זעגלען זילבער־ווייסע,
אין זון־היץ געפּלעמלט,
אין שטורמס געפליגלט.
יעדן פרימאָרגן הימלען באַזאָרגן.
קומט אַ איך פון ערגעץ אַן,
פאר אַ ריזן־לעגיאָן,
פון אַ וועלט אַ ווייטער,
אין קייטן אַ געשמידטער שטרייטער.
מיט אַ נאַנעריי —
אייגן־ווילן, פריי . . .
צעגליטער הימל — טראַנס אין דרימל.
זיד און גלוסט,
פרייד אין ברוסט.
עמיץ איז געפאנגען,
אין זיגזאגן־הילוך
ערגעץ ווייט פארגאנגען.
טורעם שיין, לאַמטער,
שטורמדיג באַגער.
לאָקט אַ בליציג שמייכל —

ערגעץ העלט אַ היכל.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
גייט מאַן און גייט ווייב,
פלאַקער אינם לייב,
אויף וועגן אָנגעשריבענע,
אייגן, ניט פאַרמידענע,
מיט פייער־בליץ געצונדענע,
אין אינערן פאַרלאַנג,
ערדיש ריטם־קלאַנג,
ברוסטיג שטורם־דראַנג.
פון וועגן אַלערליי
איינער מאַניעט זיי,
געלאָקטער שטעג
אָן אויסנוועג.
מיט אַן אָנטרייב, אַ באַפעל:
צעלן טייל,
אין באַהעפט, האַרמאָניע —
באַשטימטער קורס אין סוד הבריאה —
שמידן, גרייטן
רינג אין קייטן,
אין מאַרשרוט פון אַפּ און אויף,
אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סוף.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
קלעטער בערג — א געווערק,
צו אַ הויך,
אין מאַכט פון כוח,
פאַר אַ זיין, זעליש פיין,
צעפלאַקערט ווי —
ווינטיג זיי,
מיט שאַרף פון שניט

אין געקירצטע טריט . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —

קייטן אויף די פיס
און וואונדן אינם לייב,
פלאַמיגע באַגערן
דראנגען הייסע נערן.
בלויע וואַסערן לויפן אין די גראָזן אום,
נאָך די שפורן פון געהייניספולער בלום.
און פארנאכטן . . .
אויגן־שמאַכטן אין אַ הימל אַ פאַרטראַכטן,
אַ פארטיפטן, עקזאַלטירטן.
אויף פאר׳כישופ׳טע לבנה־שטעגן,
זילבערנע, סודות׳דיג אין רעגן
חוש, געהער פון אַנגסטן אויער, —
פלאַטער־אויג אין באַנגסטן טרויער . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —

לאַזור־לופט, בשמים־דופט —
העל געזאַנג אין שווייגן.
בוימער טרוימען, גלי נאָך רוימען
אין ציטערדיקע צווייגן.
בלעטערדיגע, נאָדלדיגע, גרינע,
ריטערדיגע, בויגעדיגע, דינע.
וויגעדיגע, שמאכטנדיגע,
וואַכנדיגע, טראַכטנדיגע:
זין און טעכטער,
צעזייטע איבער גערטנער —
נעבולע רוימען,
גאַלאַקסיעס אָן זוימען.
יעדער בוים — וועלט־סיסטעם,
אין מיין באַנעם.

אויפן שפּיץ — פרי־זון.
אין בלאַט־געדעק —
פּלאַנעט פאַרשטעקט.
רייפע פרוכט —
פלי־ראַקעט.
פרי־ערד, מיט שטויב באַשווערט,
איז מיר באַשערט.
אין מיין לאַנד
טרויער שפּאַנט.
נאַכט — טאָג אַריבער,
אין הערצער שטיינער, הערצער גריבער . .
הימל, מדבר, ימ׳ען קעלט —
אין זעל פאַרקנאָטן ערדיש וועלט,
מיט פאַרבן שפּיל, זוניג ציל . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —
אין רוימען קלאַנגען זשומען,
נשמה׳דיג באַנומען,
נגינה, אמונה.
און ספקות,
מרה־שחורה און דבקות.
און שטום איז ביי מיין טיר,
קולות הויבן זיך אין מיר.
פויגל, חיה, מענטש,
קללה און געבענש.
אָ! מיין גאָרטן,
פיל קאָלירנדיגע פרוכטן:
געפיל, געדאַנק, מחשבה,
שטרעב, פאַרלאַנג, ברכה־קללה.
אָפן און פאַרבאָרגן, אין חדרים,
פרייע און פאַרצאַמטע, מיט גדרים
— — — — — — — —

— — — — — — — —

און אַלע ציען זיך צו דורכזיכט
אין פינסטערנישן אויסגעדוכט.
ארומגעצאַמט פון פעלזן־וואַנט —
לאָקט אַ צויבער לאַנד.
אויגן אין אַנטציק
פאַר געהיימניספולן בליק —
טרוימעריש, מאַגיש,
סאַרקאַסטיש, טראַגיש,
אינם זען דאָס געשען . . .

— — — — — — — —

— — — — — — — —

אָ! גאָרטן מיינער, טרויער מיינער!
אָפן און פאַרבאָרגן.
אין אַ טראַכט געבוירן,
מיט מאָרגעדיגע דראָענדיגע זאָרגן,
אין שעה־אומרו קלאַנג,
אומבאַוואוסטן גאַנג.
פלאַטערניש פון פויגל
ארום צעלאָזטע זעגל,
נאָך דעראָבער —
זיכער יאָ,
ספק ווייטאָג — אָבער . . .



## ט

ווידערקול פון הויך —
שאָטן פון אַ רויך.
שטומער אויסגעשריי
פון אַ בראַנדיג וויי.
ערד־זון — געשפּענסט,
געוועב פון שפּין,
שאָטן־ראַל,
קאָשמאַר סימבאָל
אין פאַרהוילטן הויפּט מאָטיוו,
שטראָם פון גליאיג סטיל
אין דראַנג צו הויכן ציל,
אונטער ברען פון צעפלאַם
אין שטורמיש ברויזיג ים . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און —
וואָגל,
אויף פּוסטע וועגן.
גאָרניט איז מיין אייגן.
איך —
אינערלאך געפּריר,
באַווירקט פון אויסן,
בלענדיג דרויסן —
פרעמדע וועלטן ארום מיר.
וואַרימקייט פון זון
אין אַ שליהות איז פאַרטאָן —
שמעלצן אין מיר גליוועך,

באַרוישן מיינע גלידער.
מיין שטראַליק ליכט —
מיראַזש אויסגעדיכט
אין פרעמדע אויגן
איבער מיר געבויגן,
מיט אנגסטיק פרייד
פון שכנ׳ס האַרץ געצויגן
אין צוג פון מיראַזשן,
נעפּל־קאַמאָפלאַזשן.
און בענקשאַפט־טרויער צינדט
אין לייב־נשמה וואונדן,
און רגע׳ס קייטלען זיך
אין לאַנגע ליידן שטונדן.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אין נאָענט שלענגלט אַן ארויסגאַנג
מיטן פיבער פון אַ באַנג־דראַנג.
אויגן־שווינדל טראַנס,
אויף אַ האָר באַלאַנס,
קאָפּ־פאַרדריי סך־הכל
אין ווירוואַר ספּעקטאַקל.
אויגנבליק — אַ בריק דערבליק,
ביי דער זייט,
צו ווייטער ווייט,
אינם דויער, אויסער צייט,
צוזאמענהאַנג אין קורס פון גאַנג.
— — — — — — —
— — — — — — —
אין שאָטן קוועלט אַ ברונעם,
טיפע טיף — הירהאָגליף —
אויף פאַרשטיינטן פנים.
און פאַרשפּרעכן, אַ באַרעכן?

און געוויכט, באגינען ליכט?
אומזיסט געזוכט.
— — — — — — —
— — — — — — —
און איך בין אַנטבלויזט,
אין מיינע פֿאַנצער קליידער,
אויף אַלע וועגן פֿון פריסטן איידער.
אַן עני, פֿון בלוט און פלייש,
צאַפּלדיגע גלידער,
אין נשמה שמאַטעס,
שמאַכטנדיגע אויגן פֿון תפיסה גראַטעס.
און עשירות,
ליידן גבורות.
איך־פֿויגל זינגט אַ פרייד
דעם הימל ווייט צעשפּרייט.
איך־חיה ברומט אַ לויב
פֿאר בלוטיג זעט אין רויב.
און — אין א חלום גייט פֿאַרבענקט,
אַ פֿאַנטאַזיע אים געשענקט.
אַן אָרט באַשערט
מיט פלאַן, מיט צוים?
פרייער שטראָם אין צייט, אין רוים?
קלינג פֿון מאָרגן אין גלאָק פֿון נעכטן?
פֿליסט דער היינט אויף אַ וועג פֿאַרקערטן?
וואָלקן, נעפּל־קנויל,
אַ סוד אין טיף פֿאַרהויל . . .
— — — — — — —
— — — — — — —
אויף גליאיג וועג פֿון דמיון
הילכן פּעסטע טריט.
אַלע חושים הערן
מעכטיג קול פֿון ווערן.

ערגעץ צוזאָג גרינט,
אין האַרץ מיט תפילה קלינגט.
אַריבער און אריבער —
אַ ריזנקראַפט, א גבור.
ס'איז עמיץ ערגעץ דאָ,
אין קעניגרייך פון רו.
ברויזיג ווירבל־שטורם
פירט א שטארקער אָרעם,
פאר'כישופ'ט פון א וואונדער חלום —
פרידן, אייביג שלום!
— — — — — — —
— — — — — — —
ערגעץ אין א בליץ,
אומדערגרייכבאַר שפּיץ,
זיך פאַרקליבן,
פאַרגעסן —
און פארבליבן.
איז ווי אין יעדן שניט.
מראה — זעט מען ניט.
און צער קלעמט און נאָגט —
צי האָט ניט וואו פאַרטאָגט.
ימ'ען, ווינט געיאָגט,
פאר פייער־פלאַם געקלאָגט,
געצערטלט האָליץ און שטיין —
אַ טליענד פונק דערזען,
אַן אָנהויב פון באַגין,
הויך פון אַ זין . . .
. . . שטיל אין רוימען רוים,
דוכטעניש, אַ טרוים.



י

הייסע זאַמדן —
מדבר־גלי, פאַרלאַנגען.
שטורמס אין דער לופטן —
גרייכן, ערגעץ וואו דערלאַנגען.
אין דער וויסט
יעדעס זאמדל — עגאָאיסט.
צענטער אין אַ וועלט־סיסטעם:
זון, פּלאַנעטן און לבנות.
און געטער, און אַלטאַרן,
מזבחות און קרבנות,
צאָרן און רחמנות
אין קאָכיגע ווירוואַרן.
אין גאַנץ געשען —
איך אליין,
אויסדערוויילט פון ביליאָניגער משפּחה.
און אָנגעוויזן אויף השפּעה און השגחה.
מיט א נס' —
יעדער — הערקולעס,
העלד אויף אַ פּלאַטפאָרם.
איבער אַלעם און איבער אַלעס,
מעכטיג קלאַנג, א שיר המעלות.
און —
פרייער ווילן,
באַפעלן געהיימע פאַר עמיצן דערפילן . . .
אָ! בין איך איינער,
זעלבסט באַוואוסט, ציל באַזיץ,
אויף אַ טראָן,

דערהויילט, געקרוינט, דערלייזט, באַלוינט.
דאָס גאַנצע ליכט אויף מיר געריכט.
איבער אַלץ דערהויבן.
און — מיסטעריע, פון זיך פאַרהוילן . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —

בלומען פון א כלה־קראַנץ
אויף קוסטן ערגעץ הענגען
טענער פון א פרייד געזאַנג
ערגעץ מונטער קלינגען.
איך — קאָפּ אונטערן פליגל,
ווייַ איז מיר,
באַקוועם, פאַרצויבערט שפּיגל.
קען ניט זען,
איבער מיר,
העכער פון מיין ברעם.
עמיץ בייסט אַ שטיין,
גליווערט אַ געוויין . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —

און צאָליג בין איך, פּיל,
פּרוכפּעדיג באַציל,
אויף זונען און לבנות,
שטערן און אין ערדן.
אינסעקט, פויגל, בוים,
חיה און בהמה.
און איך — עגאָ,
אַ דאָאיגער מיט אומבאַקאַנטער מראה.
נשמה׳דיג אין פּלאַנץ,
רייציג חן אין קראַנץ.
אָנרעג אינם מוח,
באוואוסטזיין, דענקונגס׳ כוח.

און אויגנבליקיג איז מיין בריק,
אן אָטעמצוג אין קאָכיג ים,
ראַש־געדריי אין לעבנס תהום.
אין א רגע — אויסגעפּרוּירן,
ארויסגעגליטשט די האַנט פון מיר —
פאַרלוירן, ניט געוואָרן,
אין פינסטערניש אַנטרינען,
אויסן גבול פון זינען.
ניט אָנצוזען —
שאָטענען צו זוניג פרייען.
און איך בענק נאָך זיך,
קרעמפּ נאָך זיך,
מוראַזשקע־שטיל, מיט לייב־געבריל.
בויער מיט די אויגן,
נשמה־האַלז געצויגן.
קען זיך מער ניט האָבן.
וועל קיינמאָל מער פאַרטאָגן
אין צווייאיגן, אין גלייך,
עקזאַקט אין ניי דערוואַך.
כאָטש א טאָמעדיגער שטאָף
ווימלט אין באַשאַף
מיט אוצרות פולע זאָמען
פאַר מיינע וואָרצל שטאַמען.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
ראַשיגע קאָלירן אויף הימלען שימערירן.
פלאַמיג רויט, גלאַנציג הויט,
באַיאָנעט, גלי־ראַקעט.
ברויזיג ים, פלאַמיג שטראָם.
און סאַטירן מארשרוטן פירן.
הימל־ערד, טרער באַשווערט,
א שלאָס אין קאָסמאָס,

כרופּקע גלאָז, ווינטיק בלאָז,
מאַטער שיין אין נעפּל־זיין.
אייזבאַרג זון און יאגד פאַרטאָן —
שיסט קאַלטע פיילן
אין רוים קאַנאַלן,
פון א דאנען צו אהין,
ערגעץ ניט, וואוהין . . .



## יא

זכיה,
בשורה אין א ידיעה:
זון שמייכל, אין פֿאַרבאָרגן,
גרייט אַ שטילע פֿרייד פֿאַר מאָרגן.
סאַמעט־זיידענע אוזאָרן
פֿון טונקל גרוי געוואָרן.
שלעסער אין די הימלען.
שטערן־וועלטן אין די ביליאָנען ווימלען.
וועלט מיין —
געביידע אינם רוימען־הויז.
איך —
כוח אינם אוניווערז.
און —
אויף בארגיגן פֿאַרטראכט,
אין הימלשן פֿאַרנאכט,
שוועבט אין טענער טריט
בענקשאַפֿט אויף א פֿלייט.
שטערנדיגער בלאָ,
מיסטעריע פֿון דאָ.
לילי זילבער־פֿלאטער אויבן,
שימער־פֿליגל צו הויכן הויבן
מיט ציטער פֿון געזאנג
אין פֿעסטן וואָקל־גאנג.
איך — איינער, איך — קיינער
אינם זאַל פֿון איבעראל —
שאָטן שיין פֿון ליכטיג אויסגעשטראל,
פֿאר געשפּענסטער־אויגן ציל,

זיין-מאָטיוון שפּיל.
פאַרכאַפּטער אָטעם,
באַלדיקער-ווייטער נאָכדעם
אין אַן אייגן-פרעמדן טרוים —
ראַנד חלל-שאַרפער זוים,
באַזעצט מיט שטערן,
בליאַסק, פינקלדיקע טרערן,
אין אַ ווייטקייט, טיפער הויכקייט,
אמת-אויסגעדאַכטע לערן . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —

איך — גיגאַנט
אויף אַן עלפאַנט.
מיר אין פאָראויס איילן
קרישטאָל-קאָלירטע שטראַלן
פון אַן אויבן, זונענאויגן
אין קדשי-קדשים פון אַ היכל.
לויפן וועגן גלאַט און גלייך
צו גערטנער גרינע, פּרות רייך.
און מיר אַ גאָרטן, בוים און בלום —
שווינד און קום.
און —
אין פרילינגס אָנקום בלי
הער דעם אָטעם פון ווינטערצי . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —

זע —
אַנטשטיי.
אויף פּראַטאַפּלאַזמע-אָקעאַנען —
מיקראָבן, אָרגאַניזמען.
און פעסטער גלויבן —
ממשות און אַ ווילן,

ברירה און באוואוסטזיין
דראנגען קילן, שטילן.
ווירבלניש אין שטראָמעדיגע גאַזן,
געטריבן פון א האנט — צעגליטער אייזן,
אין פלוס פון פלאַקערדיגע פלאמען
ערגעץ שנעל געיאָגט,
חלילה ניט פאַרזאַמען
צו אַ דרינגלאך וויכטיג ציל,
ניט באגרייפטן נעפל־שפּיל . . .
טרעטן פיס אויף רויט צעגליטע שטיינער,
בערג, אָנגעהויפּט מיט ביינער.
און ניט מיין ווילן האָט דעם וועג געוועלט —
פון הארטן גורל צוגעטיילט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אין פלאם פון הייסע פארבן
זומער הימלען שטאַרבן,
מיט פאַרגאַנג אויף ניי אויפגאַנג,
אין בלאסן שימער, שטערן גלימער.
פאַר אַן אָנפאַנג —
מאָרגן־פרי,
פריידן־צי.
ווייסער שניי ,גאָלד געפריי,
אייז געפריר, לייב קאָליר
און בלוי און רויט, און געל און וויאָלעט.
און פריער קלאנג —
קלעטער טרעט.
און שטילע טרוימען,
אוזאָרן זוימען:
פריידיג גלאַנץ,
פייען־טאַנץ.
ווייך קול, בארגיג קוואל:

קום, קום, בינען־זשום.
ס׳איז וועלט מיט זומער פרייד באַהאַנגען,
פון פריסטן פרי־גום — געזאנגען,
אויף קול און אינסטרומענט —
צעלייגט די תפיסה ווענט.
שטייגט א רו פאַרטראַכט
אין שטורמדיגן ים,
דונערן און בליצן,
פייער פון תהום.
פּאָליום און עקוואַטאָר —
באַגעגנט, קאָמבינירט.
וויטאָגן און פריידן —
פאַראייניגט, האַרמאָנירט.
אַז אלעם שמערצט און ווײ׳ט,
היילט און פּ. ייט.
אָפּגעבראָכן צווייגל
געמיטער פיינלעך קוועלט,
אָנגעטרונקען גרעזל —
שפּע אויף דער וועלט,
און פריידיג איז דאָס ליד
אין געבריל פון לייב,
און גורל׳ס ווילד געזיד —
איידל זייד־געוועב.
ס׳איז שטה ניי, פריש געבוירן,
פאַר אַ טאָג — פריי געוואָרן.
שמערץ־ווײ — העל־זע.
און קיינמאָל ניט אליין,
באַגלייטער אינם גיין.
פאַרבן, קלאַנגען,
בענקשאַפט דראנגען —
פריידיגער רעפריין.
און איך דביקה א לויב־געזאַנג

מיט דוד'ן און שלמה'ן,
שלינג סמ'יגן געטראנק
פון איוב'ס ווייטאָג־ברומען.
אין פעסטונגען געשיצט —
ביי קאָנפוציוס און משה'ן.
אויף שולטערן געשפּיצט —
אין קלעטער, נאכט צעשמעטער —
ביי פּלאַטאָנען און שפּינאָזען.
איך — אויסדערוויילט,
מיט אַ ראָלע צוגעטיילט,
אין אַ שפּיל.
איינער — און צאָליג פּיל.
מיט א מיס'יע:
אימפּראָוויזיר, אימיטיר,
עמיצן, א דו־ווער!
אויף יעדנס תנועה זיין אָטעם צי,
אין יעדן קער זיין פייער ברי.
און א מראה — שטיין, גראַניט,
דריקט אויף ווייטאָגן
מיט לופטיג־האַרטע טריט.
בין איך געשמידט,
אין קייטן:
קינדער —
בלוט און מארך קווייטן,
געפורעמטע פון דיר
אין גלייכגילט, אייז געפריר.
און דערהויבסטו מיך צו דיר
אויף ברוטאַלע וועגן,
דיינע אויסראַט־שטעגן —
הריגות, שלאַכט, אויף מיר,
חשבונות דיינע פיר.
אָ!

קינדער־קווייטן אין פּיין געקנאָטן.
פאַראורטיילטע אבלים,
פאַרגייען זיך אין תהלים,
אַ לויב־געזאַנג פייער צוואַנג,
דו־ער, דו־וווערם הויפּט געוועער,
ערגעץ אינם רוימען לער.



## יב

צעווייטע פענער,
ברוסטיגע טענער . . .
פאַרבן־טויך פון בליציגן שייער,
וואָלקנס אין פלאַמיג פייער.
דונער־קלעטער איבער וואַסער, לאַנד.
צעשטורמטע קוואַלן אויף הימל־ראַנד . . .
און וועמעס איז עס שולד,
אויב מיין געלאַף איז ווילד?
ס'איז ים אין זיך באַהאַלטן
מיט טונקל גרינער טראַכטעניש,
סכנה־אַנזאָג, אומרו וואַכעניש.
חיה־וואָלף לויפט אום
אין וואַלד, אין פעלד.
הונגער, קעלט.
פאַרצוקונג . . . פאַרצוקן.
חיה־מענטש קייטן שמידט —
דערשטיקן, דערדריקן.
און בלינד בין איך צו זען
שכל פון מיין גיין.
און שוידער פאַסט אריין
אין האַרמאָניע פון זיין ? . . .
קאָרטשע זיך אין וויי,
וואונדער־פחדים זע,
גיהנום פון חסדים,
שוידער פון פלאים.
און פריי געשמידט לויפן מיר רעיונות,
חלומות ערדישע, קראַנקהאַפטע הזיונות.

פיבער קלער,
פינקל טרער . . .
און —
איז מיין טראַט —
גלייך־שנור וואקל —
צו א פונקט, געצייכנט פּאַראויס,
ביים שוועל פון ערד־הויז.
באַלאָדן מיט דינאַמיט:
יאָ און ניט,
אינסטינקט, רגילה,
לוסט פאר אכזר־שפּיל,
און פלאָג — חרטה געפיל.
און איז מיין צוואַנגען־גאַנג,
קייטן קלאַנג —
אַ וואַסער רינג,
צום אָפּגרונט זינק,
צעשווים, צערין ? . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
גראָזן־פעלדער, בוימער־וועלדער,
ימ׳ען, הימל־האָריזאָנטן!
הילכן טריט געאיילטע
פון וואַנדערער פאַרזאַמטן,
אימערצו גענויטיגט,
עפּעס שוין פאַרשפּעטיגט.
איך —
בענקט נאָך אייך
און קען אייך ניט ארומנעמען,
זיך אין אייך דערקענען.
ציטעריג דער אָרעם,
פיבערדיג די ברוסט,
קאָפּ פארריסן אין פייערדיגער לוסט.

וואַרט אויף ליכטיג וואָרט
אין פאַרהוילטן אָרט.
אַ בשורה וועגן אוצר,
אָנגעגרייט פון יוצר —
גלויבן אין דערהויבן,
נחמה פאַר נשמה . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
מאָרגנס קומען
אויף קוסטן-בלומען,
צעבליטע,
און דערוואַכונג צעגליטע.
אָטעם-ווינט געפאַלבט,
ימ'ען וואַל צעשטראַלט,
שיפן טיפן —
לענדער קרייזן, וועלט באַרייזן.
און איך בין מיד
פון קייטן-ליד.
הענגען טייכן שניי
ווייסע אינם הימל, זילבערנע.
אויף אַ בלויען פאָן, פיאָלעטן טאָן —
ווינטערס פאַרבליבענע,
מיט שפורן גרין געמאָלן
איבער בערג און טאָלן.
בענקעניש נאָך גראָזן,
פון זונען באַלאָדן
מיט פרילינג און זומער —
מיין אייביגן געיאָמער.
סאַלאָן מוזיק טאָן . . .
מיר א פעלדיג בלימל קוים.
פענזיעס, שטיפער-מוטערלאך,
קעפלאך געהויבן ריטערלאך,

ברוין און רויט, און ווייס,
בלאָ און ראָזיג בלאַס,
בריליאַנט אין גאָלד געפּאַסט —
פון עמיצן פאַרשפּאַסט.
הימל־צי דרייסט,
אין שרעק געפריר —
מע הייסט . . .
עפּעס איז געשפאלטן
אין צווייערליי געשטאַלטן —
פויגל־פלי און שלאַנג־געדריי.
. . . ווײַ !

— — — — — — — —
— — — — — — — —

הימל איז געצירט —
בלוי אויג מיט גאָלד אונטערפירט.
ברעם מיט טיגער־פעל באדעקט,
זילבער ברוין געפלעקט.
פייער פונקען שפריצן,
גרינע עלעקטרע־בליצן —
צוגעגרייטע נעצן,
אייזערנע געזעצן.
טיפן, הויכן — צעגראָבן,
שוואַכע פינגער זוכן אום א שאָדן,
אין גראָזן פארטריקנט, פארגעלט.
רגע זינקט נאָך רגע,
פאַרפּייניגט, פאַרוועלקט.
איך —
געדריי, שלאַנגען קנויל —
באשייד צום גרויל . . .
און — וואסער שטוים —
גורל הייסט!
דו־ער ווייסט:

איינציג טראָפּן שאַפט אַ ים,
זאַמדיג קערן בויט „דאַן".
טראָפּן, זאַמדן־וועג
מיין ווענד, מיין נויג.
אויסגעדראָשן זאַנג,
שפּין געוועבטער גאַנג.
שאָטן פון אַ שאָטן וואַכט איבער נאַכט,
פלאָנטער פון חלומות א מתנה מיר געבראַכט.
טראָפּן פון אַ טראָפּן,
שטויבל פון אַ שטויב —
רעטעניש געטראָפּן,
פערנידערונג — דערהויב . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך, הימל דעק מיט שווארצן טוך,
נאַכט געמאַכט אין מוח,
פאַרמאַכט געהיימען בוך.
אין טונקל, אין אַ ווינקל
שטום מיט צער קול,
טרינק יאוש גאל.
אויף רויטער זון געריטן,
פון צעגליטער רוט געשניטן.
אויף הימלען שטערן װאָגלען,
טרערן האָגלען.
טראָט הילכט ניט,
שאָטן לויערט ניט.
הוזק לאַכט פון טאָג און נאכט:
אומבאַוואַכט, אומבאַוואַכט . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
בוים צו ווינט רעדט אויף אַ קול,
מיט קרעכץ, שוידער, פון באַרג, פון טאָל.

בוים האַלט צווייגן העלזער
נידעריג געבויגן,
איבער ערד אין אנגסט געצויגן.
בוים האָט פארצווייפלט מיין פענסטער געביסן,
בלאַט נאָך בלאַט פיינלאַך פון זיך געריסן . . .



## יג

זיך —
געלאָזט אין הויז,
אַן אַנדערער אין פעלד ארויס.
גרינע, בלויע שטערן-פלאַנצן
מיר אקעגן פריילאך טאַנצן,
נאַאיווע קינדער-אויגן
אין בליקן מיינע איינגעזויגן.
נאַכט פאַרטאָגט,
אַ בשורה טראָגט:
איך —
פריי געזאנג,
האַרמאָניע,
ריטמיש גאַנג.
אנקלאנג מיט פאַרלאַנג
אין אינסעקט, אין זיין קריך,
פויגל, בוים,
שטערן אינם רוים,
און —
צאַפּלדיגן איך.
ס'איז שפאנענדער פאַרטראַכט
אין זעאונג טראַנס געבראַכט:
אומאויפהערלאך עקספּאַנס —
ווערן, מערן
אין רוימען, ווי די שטערן.
האָפּערדיג געשטאַלט
מונטער, פריידיג שאַלט:
גרויסער מאָרגן בלויט

אין סוד נאָר־וואָס פאַרטרויט.
אַן ענד צו גליווער, צום צעשטערן,
צווייפל, יאוש, שטראָמען טרערן.
אויפגעלויכטן רוים וועט ווערן.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איז —
אין הייזער צוויי איך וואוין.
אין איינעם בין איך בלינד,
מיט קייטן פאַר אַ קרוין,
פאַר עפּעס שווער באַשטראָפט,
א מין גרויסע זינד.
ניטאָ קיין הימל, בלויע שטערן.
קראַנקער אַז פון קאָשמאַר־ווערן.
גאָרניט, חלל,
רויך־לאַנד,
ביי תהום׳ען־ראַנד.
אַלע וועגן מיט אייז־קריעס באַדעקט,
פון יעדן ווינקל אומגליק וואַרט פאַרשטעקט.
טעג געגרוילטע אויף נעכט צעפוילטע . . .
און —
אין א שלאָס איך וואוין,
מיט צויבער הימלען זיבן,
אוצרות אײַנגעהליבן.
לויכטן פאר מיר זונען,
גערטנער פאַר מיר גרינען.
פרייד און פרידן פלוס,
מלוכות מיר צו־פוס.
דרייסטער שטאָלצער גאַנג
אין לאנד פון איבערגאנג.
גיי איך אום א בלינדער
מיט אויגן אויפגעריסן,

א מוטיק זאַרגלאָז וואַנדערער,
האַרץ פון שרעק צעביסן.
אינצווישן גאַנג מאָדנער קלאַנג:
קוואַליג רו, שטילער מורמל,
דונער קנאַל, שטורם טומל.
מיט אַ גליק,
געגרונט אין „ניט" —
אויסגעמייד פון גורל טריט.
פריי איך זיך:
דונער האָט מיך ניט געטראָפן,
וועג מיינעם איז ערד-זונק ניט פאַרלאָפן,
מבול האָט געצעלט מיין ניט פאַרפלייצט.
פרידן מיר, אַ טרייסט . . .
זעט דעם וועג אַנטצונדן אויג
אונטער שווערן טוך,
ארויסגעלייענט פון אומפארשטענדלאך בוך:
רום און שמאַל,
פאַרדעכטיג שטיל, געהיימניספול.
און קרעמפט א וויי, צער'יגער געדריי:
פון פויגל, ערגעץ אין א פעלד פאַרפרוירן,
חיה-יאָמער אין טויט שרעק וואו פארלוירן,
און שטום געוויין —
אויסזיכטלאָזער עלנט פון פארלאָזטן שטיין,
פאַרשטיקטער קרעכץ פון אָפגעהאקטן בוים.
און הימל —
מחשבות מיינע פרעסט פון מיר,
טונקעלע געשטאלטן, אויסגעהאקט פון וואָלקן:
חיה, פויגל, מאָנסטער-פיש,
געיעג נאָך רויב פאר לייב און טיש.
און —
שטומער לאַם, גליאיג פלאַם —
קאָפּ געבויגן, אויסגעצויגן,

פאַר א טעמפּל,
א הייליג פלעמל אין רויכיג לעמפּל.
בין איך אין אַ וואָלקן איינגעהילט,
אין סודות׳פולן שטרעבן צו שאָטן־ווינקלען,
פאַרשטעקטע נעסטן פון שטראלן־פונקען.
איך קען זיך קוים דערזען
אין מיין קרומען זיגזאַג־גיין.
און דערקען איך זיך אמאָל,
אין איינעם פון א צאָל,
אין פינסטערניש פון טאָל, —
אין פלינקן צירקל־פלי,
אין שאַרף שטאָך פון נשמה־ברי,
פאַרציטערט אין אַ טאָן
צעשטראַלט אויף הימל־פאָן;
אין צויבער פונם וואָרט,
אין בשורה־גלאָק צעקלונגען,
אין לאַסטשענדיגער שטים
מיט קוועליג טרייסט צעזונגען.
דריי איך זיך אין ראָד —
צאָרן און גנאָד.
טאָג און נאַכט
אילוזיעס געדאכט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
זון האָט זילבער ארום מיר געשמאָלצן,
גאנצע טייכן,
גאָלדן פרייד אין אָדערן געפלאָסן,
אויף פערלמוטער שלייכן,
מיט פליגל פלאַטער איבער וואַסער, לאַנד,
צעגרינטע פעלדער, צעגליטער זאַמד.
וואַלד מיט פלאַנץ,
גרין מיט דופט —

געזאנג און טאנץ,
גליטער לופט.
בלומען, בליטן,
מיינע פרילינג־זומער צוויטן,
אין פאַנטאַסטישע שטראַלן
פרייידיג ווײַלן.
נס.
איך פאַרגעס:
קראַ־שוואַרץ, דונער קנאַל אין האַרץ,
צוואַנג מיסיע —
פונקציאָניר, פּראָדוציר —
פאַר עמיצנס אַמביציע.
באַרג, הימל,
ליכט, לופט,
געאַנט, געדוכט,
געבענטשט, געשטראָפט . . .
ראַם אין גליאיק פלאַם,
גאָלד געשפּאַן.
און הענט כאַפּן,
אויגן טאַפּן.
מיט קאָפּ הימל־זוים באַרירן,
הייסן שטערן קילן.
ריים איך זיך צו פעלזיג ליכט,
אַ העל און סודות'דיג געדיכט.
פון א הייל,
אין מיר א טייל,
פון טיפער אייגן־פינסטערניש,
צו זעעניש אין בענקעניש,
צום אוצר פונם עושר,
באַוואַכט פון שטראַליג ליכט,
טויך פון טיפסטן חושך.
געדריי אין ראָדן־ראָד,

ניט אויפגעקלערטן סוד:
טאָג און נאַכט —
געוויינט, געלאַכט . . .



## יד

אין טריאומף קלינגט א קול:
וואסער שפּריצן שפּילן אין פאַנטאַזן,
קינד געלעכטער זשורקעט אינם קוואַל,
הויכן ניט באַשטייגטע ערגעץ וואו פאַראַן.
טראָגט מען זיך מיט אימפּעט
איבער בלאָ־געוועבטן טעפּיך,
ארויף־צוצו, אַרויף,
צו אין־סוף׳עדיגן סוף.
אויפן סאַמע שפּיץ זילבערט אַ טומאַן,
אין טיפסטער הויך אריין —
פאַרהאַנג פון א רוים,
אויסגעשפּינט אין טרוים.
אין דער העכסטער טיפעניש
קוועלט מיט העלער זעעניש,
נשמה צאַפּל וויי־עניש,
איכ׳ם בענקענדער באַגער —
אַן אנטפּלעקטער פון באהעלטעניש
מיין דו־ער, דו־ווער . . .
אין גליאיגן עקסטאַז
איך קוק ארויף צו דיר,
קלעטער צו דיין טיר,
מיט קרעכץ אין דער נשמה,
אין האַרציגן געזאַנג,
אין קלער פון טאָג באַגין,
פאַרנאַכטיג זון פאַרגאַנג.
און וואַסערפאַל געשפּיל
דיר טראָגט מיין באַנג־געפיל.

פלאַטערט מיין געמיט
אין גראָז, אין זאַנג, אין בלום,
פאַרוועלקטע צי אין בליט.
און די צאַרטסטע ליבע, מורא׳דיגער האַס —
טויזנט זונען ליכטיג,
הענקער-טויטלאַך בלאַס,
טייכל׳ס רואיג מורמל,
וואַלדיגער גערויש —
מיינע העלסטע האָפנונגען, נאכטיגער אנטויש—
ציען מונטער, דרייסטע וואַנדערער,
צו דיין רוימען-הויז . . .
לויפן שטערן,
בשורות הערן —
א סוף צו פיין און לייד,
אָפגעטריקנט ווייטאָג טרערן.
זונענשיין און זומער פרייד.
רייפן, קייטן —
אין שטויב צעשמעטערט.
צו וואָר געקומען נשמה טרוים:
איך, דו-ער —
שותפים, אייניג אין באַגער —
גליען, בליען,
גלאָרייך ציען . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
טונקעלע חיה-כוואַליעס זידן אינם ים,
רייסן זיך צו אויבערפלאַך אין ברויזנדיגן שטראָם.
יאָגן אום געזאנגען,
פון אן אָרגל טיפע קלאנגען —
דונער.
וואַלד ברומט אויף העכסטע טענער —
בליציג פייער שרפ׳עט בוימער.

ברויזיג שטורם —
כמורנער ברעם, צאָרניג אויג, אין וואַכן טורם.
פריידיגער מאָמענט
אין צער איז פאַרקלעמט,
אומרו נעסט אין מיר,
לויער ביי מיין טיר.
פוקס' און שלאַנג לויפן מיר מיין גאַנג —
פאַרדעכטיג ציטערט קלאַנג.
פנים פון דער הויך
אין גרימאסע אָנגעצויגן,
ברודיג גרוי געוואָרן.
יעדע פאלד שפּאָט באַהאַלט.
אין גרויען הימל — אַן אויסגעהאקטער לאָך.
מוטנע וואַסער ריזלט,
ברייט צעפּראַלטע וואָך.
צו אַ בלינדער פעלזן-וואַנט
שטרעקט א בעטלער פאַרמעט האַנט.
פאַלט אַ בלאַט פאַרגעלט,
רגע זינקט פאַרוועלקט.
באָדן ברעקלט זיך,
הימל וואַקלט זיך.
בייטאָג און ביינאַכט — סכנה וואַכט.
אויף מיין ברעג — כוואַליע שלאָג,
פלייץ אָנזאָג.
מאָנסטער יאָגט זיך נאָך דער זון.
אויגן-יאָמער פרעגט:
וואוהין, וואוהין?
שטעג און שליאַך —
ניט אָנצוויזן.
אָפן ליגט א סוד.
ווי צו אים דערגיין?
מיסטעריעזע אומרו בליקן האַלט פארגאפט,

טרוימעריי פון וואונדער אָטעם האַלט פארכאפּט.
טריט — פארשידן־איינציג,
פּשוט־פּראָסט און קונציג —
גלייכעניש צו דיר:
באַשאַף אין מיין באַריר.
ברכה־קללה אויף מיר:
געזאלבט און געסקאלפּט.
בענקט א ניגון פון מיר ארוים,
אין יעדן הויז —
דערגרייך, רוימען רייך.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און גאָרניט איז געווען,
גאָרניט איז געשען.
גלייכגילטיגע ציען
אין זיך פאַרמאַכטע שעה׳ן.
רייכן, לער און שטום,
שוידערן מיט ברום.
דונערט טויטע שטילקייט
מיט פייערדיגע קולות.
וועלטן קוים געאַנטע
ווימלען מיט חלומות.
איז נאַכטוואַנדלער פאַרשמאכט,
שטייף, אין זיך פאַרמאַכט.
איבער טיף געבויגן
טעמפּע שטארצען אויגן:
עפּעס דאָרטן בליצט,
בלאַסער טרויער צוקט.



## טו

פינזל אין א האנט
צויבערט האַריזאָנט:
ליכט,
אָן נעכט.
פרימאָרגן, אויסגעבאָדן, זילבער ווייס,
אויפגעגאַן אין דופטיג לייכטן וואַלן,
אונטער הימל שטערן,
אין א גאָרטן,
פון בישוף אויג באַלייכטן,
הימל מיענער אָנגעהויכטן.
גאַנג מיין מיטן שאָטן —
אין טונקלקייט געראטן.
יעדער טראָט — עראין —
איך בין —
לידער טרויער נאָך א מיין,
נאָר־וואָס געווין.
ציטערדיגער גאַנג
זינגט אוים אַ באַנג —
שאָרך, רגע׳ס,
אָט־אָ,
געוועזענע,
נאָר־וואָס פאַרלוירענע,
פאַרפרוירענע.
אַוואו?
ערגעץ שלומערט רו.
געוויג פון גראָז אין ווינטל,
דרימלענד וואַסער קרייז

ארום טויכנד ענטל,
שטומער מו־ז פון קו . . .
מתנות ניט באַשערטע מיר,
פאַר מיין געמיט באַציר.
פרימאָרגן . . . געזאָלט . . .
אַוועקגעראָלט,
אונטער באַרג, אויף א וועג,
ביז א האָר פאַרשמעלט,
אין שטוינענגאַנג, אָן שפור
אויף רוימען שנור.
אָ!
גאָלדענע נאַרציסן
מיט פויגל סאַמעט אויגן,
בלויע הימל פליגל.
לופטיגע וואואַלן
איבער סודות׳דיגע קוואַלן.
פרייד־און־צער ווייען —
מיינע גלאָרייכע טראָפּייען.
ליימיג וועג רויטלאך־ברוינלאך שפּרייט,
מיט שפּע־גנאָדן פרייט.
פרייד פון וויינשל, נים און אַפריקאָסן
אין מיינע גערטנער מיט זון באַגאָסן.
וויינפּערלאך און מאַלינעס צייטיגן אויף בייטן,
וואַרטן זאַפטיגע אויף מיינע צייטן.
איז עפּל האַסטיג
פונם בוים אַראָפּגעשפּרונגען,
שטילערהייט אַרויף נאָך מיר
געלאָזט זיך שפּינען:
קום דעם גאַנג פון רייפן זאַנג,
פול מיט קערן
פאר נייעם ווערן.
אָפּגעשניטן, אַראָפּגעפאַלן —

פרישע לעבנס קוועלן זאָלן.
אַנטפּלעקטער סוד:
חוב פאַר גנאָד . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
טאָג האָט גאָלד אויף קופּער אויסגעביטן,
קופּער איז אויף בליי געריטן,
אַש פון גרויער קויל,
רויך־קנויל,
אויף מידע וואַסערן,
טונקלען באָדן.
שרעק פאַר ווינטער,
פאַרבענקט אַ הינטער,
נאָך זומער־טאָן,
קלאַרנעט, טראָמבאָן,
באַזעס׳ענע, געשענקטע —
זוכט ס׳פאַרגאַנגענע, געבענקטע.
בוימער טרייסלען אָן
אַ גאַנצן וואַלד מיט רענדלאַך,
פון באַהעלטעניש שפּרינגען כישוף׳דיגע
פלעמלאַך.
און איך זוך, באַרוישט,
קאָפּ אַנטבלויזט,
באַנג געשפּאַנט,
שטרעק אַ האַנט,
צו חלל׳דיגן אוצר
אין באַזיץ פון געהיימניספולן יוצר.
נישטער —
אין פעלזן, היילן, גראָזן,
אין הערצער שטאַרקע,
צעשראָקענע ווי האָזן;
אין ים, אין מדבר,

מיט תחנונים, לויב-טרער,
צו אַוועם-ווער.
אין נאַכטיג פאַלן
דונערם הילכיג קנאַלן:
גליען אויגן מיט הימל פאַרבן,
אין זומערם טאָג פאַרגאַנג,
לויטער זון אויפגאַנג,
אין בענקענדער נשמה,
געלייטערט אין השלמה.
קרישטאָלענע קאָלירן
מיטן פענזל פירן,
מאָדולירן,
געשטאַלטן, פון אויג באַהאַלטן.
און טענער —
פאַר טיף, פאַר שפּיל,
מיט אילוזיע, געפיל.
בין איך שטום,
אין מיין געשריי,
מיט קולות הימלשע, אונטערערדישע.
און טויב —
קען זיך ניט דערהערן,
אין טאָן, געשטאַלט, קאָליר,
ווייַ און באַנג אין מיר —
בלאַסע אָוונט-קלאַנגען
פון מיינע הייסע דראַנגען.
פאַרצווייפלונג גליט מיט אויגן,
פון בענקעניש באַצויגן.
פנים צו די שטויבן פאַלט,
אין וואַקלדיגן גלויבן שטראַלט.
ברענען פייערן פון שמעקעדיגע אוילן,
צו אַ טעמפּל אויף ערדיש הימלדיגע זיילן,
אַ שטעכיג צוים,
אילוזאָריש טרוים.



## טז

אין שטורמיגן געברויז, דראנגלאכן געשטויס,
ענייוות׳דיגער יש פליסטערט שטיל ארויס:
איך ווייס׳ —
הימל־בלוי, פערל־טוי,
אויף הויכע ווייטן העלדן רייטן,
מיט א חלום —
פרייד און שלום.
און איך האָב א זע:
פאַרבן גליען, מאָלן
לאַנדשאַפטן, פיגורן,
לעבעדיג געשאפן אין הימלשן זכרון.
שיף, פאַרצויבערט אין זילבער פון לבנה,
טוליעט ציטעריג אין שוים דיר א מתנה,
איבער בערג געבראכט,
אין ווייסן פּאָלאר־ליכט פאַרטראַכט,
אין בלויען שיין פון כישוף שטערן,
אין טרויער־ליד נאָך נייעם ווערן.
און ווייך פליסטערט קלאַנג
פון שטיל פאַרקלערטן שיף־געזאַנג.
און טרעלן טרערן שטענדיג אין רוימען:
אומרו, בענקשאַפט, האַרץ קלעמענדיגע טרוימען,
אין נשמה ברונימיג געטיפט,
אין פלאטעריגן זע דערשפירט,
מיט חלפ׳דיגער שארף באַנומען —
ניט פארזאמען, קומען . . .
ט׳פאַרזאַמען, ניט קומען . . .
און וועמעס שטימע ציטערט שטיל,

און וועמעס הויך יאָגט די שפּיל,
גאַנג פון מאָרגן און פון נאַכט,
אין געהיימען חדר אויסגעטראַכט,
אין אייביג פריער שפּעטער שעה,
אָן אַ נאָמען, אָן אַ צירה,
אלע רוימען — איין ענגע דירה? . . .
דאָס בין איך אַדאָרטן דאָ,
אין ווי אזוי, ווען און וואו!
מיט ווייכע סטרונע־רייד
אויף פידל, וויליאָנטשעל,
הילכיג ברויז אויף פּייקל פעל.
שלעף און טראָג,
זוך און יאָג
ציל אין קראַמפּט,
זין, אַ האַפּט . . .

— — — — — — — —
— — — — — — — —

איבער מיר —
באַלדאַכין —
בריליאַנטענער באַציר —
געשפּין פון בין.
און פייערלאך, בליציג, איבער קוסטן שפּרינגען.
און מעסער שניט, היציג, אינם הארצן זינגען.
ווייט צעשפּרייטע פליגל
און שווערער גוף,
פעלזיגע זיגל
אויף מיסטעריעזן רוף . . .
אַז דער עצם דיינער,
חלום מיינער,
האָט פון חומר זיך ניט אויסגעטאָן נאָך,
טראָגט אויף זיך דעם שווערן יאָך

פֿון מײַן פֿאַנטאַזיע,
אַ װיזיע לאַבאַראַטאָריע.
בין איך אַ דערשטױנטער, אַ געגרױלטער,
פֿאַר אַ מיסטעריע, בלענדיק גלאָריע.



## יז

איך בין אונטערן הימל געשטאנען.
אַך!
איבער מיר ווינטן שווימען —
ווילנס וואַך.
עמיץ טראָגט זיך,
ווערט אנטרונען.
בלאַסער שמייכל אין נאכט צערונען.
אָ!
וועלטן איבער וועלטן ארום מיר —
איך זע זיי ניט.
פאַרלאַנגען נעפּלען, שטורעמען אין מיר —
איך באַגרייף זיי ניט.
גייען מיר נאָך שטילע פלאַנצן,
שטראַלן טאַנצן,
טרוימען בלומען,
ברואים, אומפארשטענדלאך, זיפצן, ברומען.
פארשידן גאַנג, פאַרהוילטע טריט.
וואו — א וואונדער ציט,
וואו א פייער בריט . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך האָב מיט א האמער
געהאַקט אויף א שטיין —
זאָלן פונקען זיך צעגיין,
הייסע, בלוטיגע,
בוקעטן פארביגע
אין אַלע זייטן

מיט קאָלירטע צווײַטן,
גליאיג צער בליטן,
אין דונער־שטורם,
האָגל־ווײַכער.
זיכער:
קלעטער, שוועב,
פֿאָרווערטס־טריב,
אַנטדעק, דערפֿינד —
פֿלאַקער פֿון מײַן אייגן צינד.
בליץ געדאַנק, שטורם דראַנג,
פֿרייד־און וויטאָג־קלאַנגען,
אין מײַן נעץ געפֿאַנגען
פֿון קראַפֿטיגן תהום;
ענערגיע, עלעקטריע, וויטאַליטעטן שטראָם —
אין ווירבל פֿון שפּון, ראָד און דראָט,
אין וועב פֿון שטים, פֿידל סטרונע, —
קיינעמס ניט מתנה,
אייגענער דערגרייך,
אוצרות פֿון מײַן קעניגרייך,
געזאַמלט און געפֿלאַנט
פֿון מײַן שטאַרקער האַנט,
טיפֿזיניג פֿאַרשטאַנד,
אויסגערעכנט, מיט כּונה,
פֿון מײַן שׂכל אויסגעטראַכט,
אין מײַן געשיקטקייט אַרויסגעבראַכט,
מײַן נעפּלדיג „איך בין” —
אייגענער באַשטים . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
שטילע וועלן פֿאַלן צו צום ברעג
מיט ציטער.
וואַכט ס'אויג פֿון היטער

איבער אוממאכט מיטן נישט
פון מיין זוך און פון מיין קלער.
א וואונק, א פינטל — אַלץ פאַרווישט.
און איך הער:
רעזיגניר, קאַפּיטוליר . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
עפּעס ערגעץ האָט פּאַסירט,
ווייט פון ישוב.
אויף א בערגל האָט מען עמיצן פאַרפירט,
מיט כישוף.
עלנט, אומעט, אייז, ס׳פרירט.
נאַסע שפורן, שימל שוים.
א שיפל טראָגט זיך אין טראָפּן ים.
אויפגעטויכט, אויפגעברויזט —
אויף אַ ווײַלע, א רגע בלויז . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך —
טובל זיך אין הויכן
מיט כוואליעס איבער מיר,
שריפה אָנקלייב רויכן.
ראל אין זונענשטראלן,
פאַרדרעענגטע אין מיין טיר.
זינק און פריר אין שניי
פון וויכערס אָנגעבלאָזן
אויף שטעגן צו מיינע יונגע גראָזן.
הימל, ים, שפּיץ, תהום —
אין סאַמע זעל פאַרקנאָטן,
השגה־לייב פארטראָטן,
אינם חלום, אינם וואָר,
מיטן טיף, מיטן תמצית,

אינם ברויט, אינם וויין,
מיט שטורם דראַנג אין עצם זיין.
און —
שטיין:
אליין, אליין . . .
איינס און צוויי:
פריי געמיט און לאַסט,
מאַטעריע און גייסט.
חומר און טרוימער,
צוזאַמען און געשפּאָלטן
אויף באַשטראָפטן און געזאַלבטן.
נשמה הויך ציט,
חומר ערדיש גליט.
און ביידן צער בריט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און איך ווייס —
איך בין פליישׁ.
צו הונגער, דורשט,
תאוה, חוש —
העכסטע ריכטער
פון מיין יושר און רעכט —
געשמידט, פאַרקנעכט.
און אין קאַמף פון גוט און שלעכט,
האַרץ געפיל,
נשמה־שטראַלן שפּיל,
געווינער בלייבן אין געזועט —
בלוט און נערוו,
אינסטינקט, אימפּולס . . .
און איך הער:
דיין גאַנצער קלער,
מיט דיין „איך ווייס"

און דיין „איך פיל"
און דיין „איך וויל, —
איז עמיצנס אַ שטרענג „איך הײס",
פאַר זײַנס אַ ציל.

— — — — — — — — —

אין בערגל מיסט איז מײַן געשטײ,
זומפּ, געמויזאַכטס.
און וויקל זיך אין שטאָפּן זײַדענע,
אין אַ פּרוכת:
עטיק, מדות טובות
פון עפּעס אַ געבאָט,
אַ לערליכטיקײט, אַ גאָט,
מיט תורות, עבודות, סודות.
עמעצן פאַרפירן,
מײַן וואָרצל פאַרדראַפּירן —
דאָס פויל אין די געדערים,
מײַן קרובה'שאַפט מיט מײַז
און קריכעדיגע ווערים.
און דאָך —
איך רײַס זיך פונם יאָך.
קלאַמער אין אילוזיע:
זוניגט, נאַכטיגט עס אין מיר
אַנדערש ווי אין חיה, פויגל, טיר.
צי אין בוים, אין שטײן,
מיט מײַן פידל־פאַרטעפּיאַנאָ־שמײכל און געוויין.
אין מײַן וואָגן אײַנגעשפּאַנט —
גאַז, קאָסמאָ־שטראַלן.
שטח אײַנגענומען מיט באַן און עראָפּלאַן.
יאָג פון זיך געשפּענסטער
מיט אַטאָם און עלעקטראָן.
קאָרטשע זיך אין שמײכלדיג געוויין,
שטראַל געשפּענסט אין פינסטערניש געזען . . .



## יח

איך האָב זיך די האָר פאַרלאָזט,
שוואַרצן מאַנטל אָנגעקליידט —
אין אָנקום פון שטורם פון עמיצן פאַרברייט.
הימל פאַרגייט זיך אין אומעט פרייד —
יאוש, בענקשאַפט, טרויער ליד.
בלאַס גרינע פערסיקעס
ציטערן אונטער סאַמעט-בלעטער,
גלאַנציגע שלענגלאַך קנוילן זיך אונטער —
פאַררעטער.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
הילפלאָזער.
געטראַכט:
און סם געווירצט דעם טעם?
רואינע שאַפט א פּלאַן?
מאַנען, בעטן
ביי שאָטן אין פינסטערניש געקנאָטן . . .
פאַרבאָרגן אָרט,
אַ האַנט, אַ וואָרט,
אויער צום הערן,
האַרץ פאַר טרערן . . .
ניין, ניט געזען.
פאַראַנען —
קרבנות פאַר פלאַמען,
פרירינג קעלטן,
פיינטלאכע וועלטן.
אומהיימלאַכע קלאַנגען

אין האַרצן דערלאַנגען.
נאַכט, חושך,
פון פוסטקייט געבראכט,
צו גאָרניט דערטראַכט.
גלעקער־קלונג,
פייער־צונג —
שרפה,
פּעסט פון מכשפה.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
ים קאָכט מיט ווייסן שוים,
אוראגאן לויפט שטורמיג אָן —
וויסטן, פאַרניכטן.
איך שפּרינג פון פעלז צו פעלז.
מיין — צו שפּיץ דערגיין.
און גלידער באַגערן,
אויגן פאַרצערן.
און בריק איז שלאַבעריג און דין,
געוועב פון שפּין.
און דרויסן פרייט זיך מיט הימל קאָליר —
עמיץ קלאַפּט אומזיסט אין טיר.
פויגל, צעשראָקן — אָפּגעפלויגן,
וועוויריק — האַסטיג אָפּגעצויגן,
גראָז צו ערד פאַלט צו.
און איך —
תפילה טו.
אונטער טיר — שווער גראַניט.
און אָנגעלאָף — יעגער־טריט.
שאָטן — ערד טונקל פאַרבט.
פאַרקלעמטע פויסט נענטער שאַרט.
נאַכט אָנגעבראַכט
אין ספּאַזמעס געפּראַכט,

מיט שרעקן צום וואונדער.
אַז מע האָט קינדער —
בלאָנד, ברונעט,
שוואַרץ, געל און רויט —
אויף א זומפּיג בערגל פאַרטריבן,
אויגן, זונלאָז, גריסן טויט.
פאַרקלעמטע אין ווייען,
פאַרגליווערטע שטייען.
אויפהערן, צעגיין.
מע האָט אַראָפּ, ארויף געקוקט,
אין טיף, אין ווייט געבליקט,
הויך פון אָטעם געזוכט
מיט שטומעניש פון שאָף
פאַר אומפארמיידלאך שטראָף,
שטאַמל פון קינד,
וואָי פון היימלאָז הונט,
קולות פון שטורמווינט.
גיהנום׳דיגע פלאַמען
אַלע וועגן צאמען.
קינדער ניט געבוירענע,
צעשראָקענע, פאַרלוירענע,
שלעכטע בשורות הערן,
שרעקן זיך צו ווערן.
טייך טרוקנט, בוים איז הויל.
קלעפּיג נעפּל, אָקטאָפּוס פויל —
קאלטן שוידער אין לייב גראָבט איין,
זאָל אומעט שווערער, ביז וואַנזין זיין.
מיצן צו־להכעיס — א ווייטאָגדיגער נחת.
זאָל פרייד צער ווערן,
עבוי צום צעשטערן . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —



## יט

איך בלאַנדזשע, וואַקל, אָן טרייסט,
אויגן פאַרגלייזט,
מיט פינסטערינש געשלאָגן.
געשפענסטער יאָגן.
ראיה — שכור,
פאַרזעט אַן עיקר:
כישוף׳דיגע טריט אין סודות׳דיגע רגע׳ס,
פאַרגענגלאכער עקסטאז אין געהויבענע מדרגות.
בריט און ציט,
גיין, ניט אָפּשטיין
אין צוואַנג פון גאַנג.
לוסט-שרעק
וואונדער בילד אַנטפּלעקט,
כישוף-היפּנאָטיזם,
צעפלאַמטער אָפּטימיזם.
אויסגעדאכט, ארייגעטראכט —
לויבן אין דערהויבן,
א רייך פון אונטן-אויבן.
מיסטעריע-היסטעריע —
ממשלה פון א גבור.
פיבערט אין די גריבער:
עונג אינם בויען,
הנאה אין צעשטערן,
אויף א רגע זיין
אין אייביקייט אריין . . .
און מאָס, און וואָג פאר פרייד, פאר טרויער?
פרירינג גלייכגילט, פארהאַקטער טויער,

נאַכט מיט מ׳אָג אין געשלעג,
געוועט־געיעג.
בוי, צעשטער —
זיוווגים אין באַגער,
איניג אין באַנג,
אָנטרייב פון פאַרלאַנג,
אין צוואַנג ביי גיגאַנט.
אַז דאָ זיינען מיר צוויי:
דו־ער, א נאָענט-ווייטער,
ערגעץ ניט און איבעראַל,
טויטע שטיל, מלחמה־שאַל.
איך — א בלינדער רייטער,
אויף אַ שוואַרצן האָריזאָנט,
אין טעג און נעכט געצאַמט,
צו שקר, רעכט פאַרקנעכט,
מיט קלאַנגען־שרעק און פריר,
און שווידער־חושכ׳ער באַריר.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
גלאַנצט צעלויכטן פערלמוטער,
גאָלד און זילבער רינצל־קאַרבן,
דו־ער, דו־ווער׳ס נעצן פאַרבן,
מיט פאַרשפרעך:
אין אַ זייט, אין דער ווייט,
אָן אַ צייט —
אייביג פרידן, א גן־עדן.
זינקענד שיפל האלט זיך אן א שלעפּ־שיף,
געפירט צו וויטן הימל,
אין גרויען שטח ברייט צעלייגט,
פון שווארצע פליגל אין באַגלייט,
פאַרטייעט אין מידן דרימל.
ציט א שטריק אהין, צוריק.

וועקסל, מער, וואַנדל —
עיקר שלייך.
צער, אַנגסט, געראַנגל —
שטראָמען אינם טייך.
שטעגן זייטיג — זון, געלעכטער.
און אַ פּחד — אַ סוף אַ שלעכטער.
האָב איך זיך געפרייט,
געטאַנצט און געדרייט,
ביחידות און אין מאַסן,
מיט האַרציג שמייכל און פיין-גרימאַסן.
און —
אַן אנטפּלעקטער בין איך,
און שטוין — אַ רעטעניש.
מלך — מיט אַ זאַק פאַר בעטלעניש.
אין הימלען און אין גרונטן,
מיט פייער-בונטן —
פריי געפלי,
תהומים צי,
און ברויזיג שטראָמען, פלאַקער-פלאַמען.
אָרגיעס און גלאָריעס.
אַ שטיין מיט חן.
כוחות ערדישע,
הוויות רוחניות׳דיגע,
פאַר הזמר און הכמה׳דיג געשען.
און פון וואָס ס׳איז פאַרהוילן
ווער דאָמינירט, באַפוילן —
צוואַנג, בלינדער ווילן,
אַן געפילן, סענטימענטן,
פאַרטאָן אין גאַזן, עלעמענטן,
מיט פאַרלאַנג פאַר צוואַנג און דראַנג,
און פאַרקאָך אין אין-סוף׳עדיגן תוך.
און איך קוק אוים אויגן,

אַ האַרץ אין אונטן־אויבן,
אַ וואונק, אַ פונק, סימפּאַטיע . . .
פאַרגליווערטע כמאַרע, שרעקונגס־מראה,
אייז, אַפּאַטיע . . .
גייען מיר באַנאַנד:
דו־ער אַ שררה, שכל׳ס גבורה.
איך — מילביש גאַנג, אין געפאַנג.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
אַרום און אַריבער —
חוש׳יג באַגריף פון מיין אייגן טיף,
אינטואיציע־דעפעניציע,
חלומות, דמיונות,
מיט געריים פון באַהאַלטענע הדרים,
אַריבער פעלזנפעסטע גדרים,
דאָאיג און פרעמד,
תענוג, פאַרלענד.
גייענדיגע רוט פון ווינט געיאָגט,
אין האָגל, אין רעגן,
געשניטן ביז בלוט
אויף לייב פון אייגן וועזן.
און כישוף׳דיג זעפיר
פליסט אין און אַרום מיר.
און קילער, ריינער שניי
שפּרייט מיט העל זאָוויי
אין בלענד פון בלויע שטערן,
צוזאָג מיט שיינענדיגע טרערן.
לויטערקייט און ווייטקייט,
מיין געגאַרטע הויכקייט . . .
אַז מיר אַ שפּאַן —
פינטל־ערד געשענקט,
מיט חושים, קמצנ׳דיג באַשרענקט,

צו שטימונגען געשמידט,
אין דוכטעניש — ביז בלוט.
בין איך קראַטן־בלינד
און טויב צו קלאַנגען פון נאָענטסטע געזאַנגען.
איך זע דעם אָטעם ניט
ארום און איבער מיר.
אין מושעל,
אויפן גרונט פון ים געפאנגען . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
ציגל טראָג איך אויף די אקסלען
פון פרי ביז שפּעט,
קלעטער צו א בנין
איבער וואַקלדיגער ברעט.
טאָג און נאַכט —
פראַכט און שמאַך.
טאָן און פאַרב און וואָרט —
האָט צויבער אָנגעוואוירן איבער מיר,
לויערט מיטן כישוף מער ניט,
ביי מיין טיר.
שוידער און צאַפּל,
סם אין בעכער וויין,
לאַווע, אוראַגאַן.
ס׳איז שווערער פלאָקן אָנגעשלאָגן
פאַר מיין הויז —
גבול —
פון דאַנען ניט ארוים.
פון עמיצנס בייז אויג טראָפנט בליי,
יאָגט די שטראלן אָפּ:
פאַרביי!
פון אַלע זייטן, ווייטע ווייטן
יאָגן הערנער.

ווילדע אָקסן,
צעררייצט פון שטעכעדיקע דערנער.
אכזר־טרייב אויף צעפייניקט לייב.



## כ

געזאָלט האָב איך מכשף זיין.
אַ קונץ אַזאַ, טרוים פאַראַן.
אָפּגעשיידט פון קויט און שטויב.
רוף פון גוף —
גלייכגילט, טויב.
טיף איך וואָרט,
אַנן אַן ארט
אין רוימען, צווישן זונען.
פאַרן שפּרוך חלום דינט,
צויבערס שפּינט . . .
און —
בין איך — אַף,
ווילנסלאָזער שקלאַף.
צו רגילות׳ן מיט קייט געשמידט,
אין ווילדן שרעק פאַר „יאָ״ און „ניט״.
און וואָס איך וויים —
וואסער שטוים, אָן מהות.
און מיין געהער, און מיין געזע —
וויכער אָנגעוויי
אין טאַנץ פון אוראגאנען,
אויף פּראָטאפלאזמע־אָקעאַנען,
פון די לופטן אין די זומפּן,
זאַמד און שטויב און גראָז —
אמאָל א פליג, אמאָל א האָז
אין וואלד, אין פעלד
אין געהיימער קראַפט פון פאַרהוילטע סודות,
אָנגעוויזן אויף חסדים, טובות,

פון אַן אויג א פרעמדס אויף מיר געצילט,
שטאָליג, קאַלט,
מיט פאַראַכט באגאלט.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
איך —
בויער אין די הימלען,
מיט מוח עקבער.
אכזר־כוחות דאָרטן ווימלען,
עלעמענטן, אינצידענטן,
יצירה־שפּיל.
איך —
ניט קיין ציל.
פאַרזוך,
מינדערוויכטיגער מאָמענט
אין דילעטאַנטן עקספּערימענט,
איבער בריאה,
אין מאַטעריע געוואָרצלט,
הומר־זריעה,
אין פאַנטאַסמאַגאָריע פון רוים־לאַבאַראַטאָריע,
פאר עמיצנס קאַפּריז, פוסטער גלאָריע.



## כא

פונקען . . .
פונקען טויכן אין די הויכן.
זינקען,
אין לערן, צעשטויסטע רויכן.
און טייכל גליטשט זיך
צווישן שמאָלע ברעגן,
בלעטער־שטעגן,
מאָכיג שטיין —
קריכיג גיין.
אמאָל געזען:
הויכע גראָזן,
ווינטן בלאָזן,
אין ווייטן יאָגן.
שלאק, שלאק —
טייכל קרויז,
פון ברויזן לויז,
שלינגט און קלערט:
געווען, געהערט.
פון איינבער שלייער־נאַכט
זון ווארעם לאַכט,
מונטער גלעקל־טאָן
אויף טונקל־העלן פאָן.
אויף הימל, אויסגעבויגן,
מיט שטראַליג ליכט באַצויגן —
פאַרבן בלאסע, זילבער־ווייסע,
גרינע, בלויע, מיט פאסן גרויע,
אין קלאָרן שפיגל אויסגעגאָסן,

גאָלד געשמאָלצן, פרייד צעפלאָסן.
קרישטאָל זיילן גליאיג איילן
אויף באַרג און וואלד, רוימען־טאָל,
אין הערצער ענגע, נשמות שמאָל.
עמאַראַלד, סמאראגד,
צעשטראַלטע עדלשטיין נבואה —
אין געשאנק שעפערס בריאה.
צאָל, אמאָל,
דויער, ווייט,
רוים, צייט —
סודות־קוואַל אויפגעשטראַל,
בליציג, מאָמענטאַל,
אויפגעהעל, אויפגעבלענד.
איך און דו —
דערבליקט, דערקענט,
אין מאָרגן־שימער, צאַפּל־נאַכט,
שעה גרימער, וויזיע דאַכט.
שלום,
שטיל געשטאנד
אין חוש, פאַרשטאנד.
ערגעץ, ווייט,
פון ווען און וואו,
פרידן, שמייכל, שטילע רו.
וואונק, מאָמענט,
אויפגעפלאמט, אויסגעברענט.
שפריץ־בליץ געשאנק —
זיג־זאג שטח, לעכץ־געבאנג.
קרייצוג וועג — האַסט געיעג,
רגע פלאַמיג, פריידנשטראָמיג:
געפונען —
זיך אין דיך.
פאַרנומען —

גרייך־פּאַרזוך,
כונה, קלער.
שלייכן גלאַטע,
הימל, בלאַטע —
אַלע וועגן פאַר מיינעטוועגן,
אין באַגער צו פאַרמער,
אין באַפעל, אין באַגלייט,
מיט שטאַרקער האַנט פון דו־ער, דו־וועך
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
אין זון־געפריי,
הויך פון שניי,
קאַלט אויסגעשריי:
באַניי, פאַרגיי!
אין דופטיג ווייך
ווינטס פריריג זיין,
מיט האַרבסטיגע געוועבן
אויף זומערס זאַרגלאַז שוועבן.
לעבן — הויקער,
משא, מום־חסרון.
לעבן — אוצר,
לוחות אין אַן ארון.
בלוטיג שניט, קינזשאַל,
צאַפּל, זוניג שטראַל.
פויגל־זאָרגלאָז פלי,
שטאַרער ווינטער צי.
אויבן — גרויער באַלדאַכין,
אונטן — טעפּיך קויטיג גרין.
און —
ערגעץ אין דער לופטן
שלעסער אין א גאָרטן,
מיט קלאַנגען פון געזאַנגען

צו איך נאָך ניט דערגאנגען.
לידער וואולקאנע —
שוואַך דערמאָן, מילבן טאָן
פון ברויזן מיינע.
דינסטער שטריך אין לופט,
קוים געאָנטע דופט —
דינאַמיט אויפן געמיט.
שווערט.
פון וואסער אָטעם ווערט גענערט?
זעסט:
נצחון — פאַלש בטחון,
ראַקעט אין הימל —
א גליטש — פאַרלוירן,
פארפרוירן.
שטילקייט לויערט מיט דערוואַרטונג,
אָטעם פראָסטיג אָנגעשטעלט,
פאַרצויגן, פאַרהוילן — אייזיג קעלט.
בעטן קינדער אין א תפילה,
ערשט נאָך טבילה —
דערבאַרעם, דערוואַרעם.
אויף אַ קראַנקן פידל
גייט אוים א יאָמער־לידל:
נאָך אַ פרילינג בלימל,
קרישטאָלן זונענשטראַל
אין קראַנץ פון וואַסערפאַל . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
און ערד איז טונקל,
אינם גאָרטן,
אָן ליכט, אָן שאָטן.
גרויער הימל דראָעט,
שווערער רעגן הויערט.

פֿערסיקע־צווייגן פֿאַר׳חלש׳טע שווייגן,
בלאַס־ראָזער צוויט אַרונטער ציט.
און איך דרימל, בענק:
פֿערלמוטערן געדענק,
כּישוף־הימל,
ווייט און אַליין.
איך — איינזאַם, קליין
אין אומגעהויער,
אין־סוף דויער.
און ווער און ווען וועט מיך דערהויבן
פֿון קרעליק ערדן־שטויבן:
„טו דיר אָן אַ קרוין,
אין די הימלען וואוין״,
און פֿייער שפּרודלט,
און וואַסער ריזלט —
אַלערליי פֿאַרבן אין נשמה־קאַרבן.
שטאָליץ פֿון בוים
און תּפיסה צוים,
און מדבר זאַמד, באַנדיטן האַנט,
און גלאַנץ פֿון קרוין און לאַסט פֿון שטיין.
און שטיל, אין געהיים,
אין וואַלדיק הימל־הייל
ברענט עמיצנס באַפֿעל:
אָנגעוויזן זאָלסטו זיין אויף זון
און אויף לבנה,
און אויף בוים,
מיט דיין געצעלט און טרונע.
און אויף קאָליר פֿון הימלען,
און דופֿטן פֿון די בלומען —
פֿאַר דיינע כּישופֿ׳דיקע טרוימען.
און דאָס קלענסטע ווערעמל,
וואָס קריכט,

וואַרפן זאָל אויף דיר זיין ליכט.
און איך פארמאָג ניט מער
ווי טעג און נעכט:
ווייס און שוואַרץ געפלעכט —
זון און שטערן,
וויי און קרעכץ און טרערן,
מיט אַ קאָשמאַר, מיט א דוכט:
טייך און בוים
און בין,
און פליגל רויש אין מיין טרוים,
דאקוטשנער זשום „ארויף-צו-קום".
גלוסטונג אין די ביינער
נאָך פלאַנץ און טאַנץ,
און צער פון לייב און לעבן
אין מיינע חיה-ציינער.
פלאַקער פייער אין מיין באגערן-שייער,
און בהמה-קערן — זיך ניט ווערן.
געפאנגען,
אין קורצאָטעמדיגע חושים.
שלאַגן זיך השגות אָן
אין מגושמ'דיגע גופים:
שפּיז און קאַנאָן,
אויף צעדריקטע לייבער
חוצפה'דיגער טראָן . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
ערד פראַכט א צעהיצטע,
פון תאווה א צערייצטע.
וואולקאן און געיזער,
שטורם בייזער,
זון-אויפגאנג
אויף דאָרן, זאַנג.

ערד!
איך באהאלט דיך אין מיין נאָגל,
קליין און שוואַך,
איינזאם אינם וואָגל,
קאָשמאר מיין אין חלום און אויף וואַך.
און איך אויף דיר טרייסל זיך,
פֿאַראיינזאמטער פֿון זאנגען.
פרילינג, זומער־שטראלן
אין הארבסטיג קעלט פֿאַרגאַנגען.
קאָלירן טרוקן הארטע,
רויט און גרין,
שפּינען זין —
געדאַרבט,
מיט טויט געפּאַרבט . . .
עלנט, עלנט.
פּייניק־קוועלנד.
אזויפיל מאָל שוין
אויף ערטער הייליגע געטראָגן,
זיך טיף אין ערד באַגראָבן —
אידעאלן וואוין.
און קייטן פֿאַרזשאווערטע
וויגן זיך אין פּקריפּ.
און צייטן פארדרויכערטע
ברומען מיט א כריפּ.
פלעדערמויזן־הויז,
פלאַטער אָן ברויז.
און חיה׳ש ווילדער שרעק,
אָפּגרונט, טיפסטער דעק.
און הימל שטייט אין פלאמען
פון א קאלטן פייער,
ערגעץ אין א טאָל צעלייגט,
פאר קרבנות־גרייט.

און זון גאלט רויט ליכט
אויף זשאווער ערד.
זומער־קלונג —
מעשן בלאט,
טויט־געזאנג,
מלחמה־טראָט.
און גיפטיג יאָגן ווערטער
אין מיינע בלומען־גערטנער.
קרייזלט ווינטל אין מיין טייך:
גאָרטן — חלום,
ט׳ניט זיין קיין שלום.
ים צו הימל רייסט זיך — ברויז,
צאָרן וואוטיג טראָגט זיך
צו מיין הויז:
פלאַם נאָך פלאַם, גיפטיג סם,
פלייץ און בליץ, גיהונם היץ.
וויסטע יאָגט אויף מיר מיט וואָי,
שאַקאַל —
כף־הקל.



## כב

ווינט אין זאַמד שפּור פאַרראַמט.
אַז גאַרניט איז פאַרזאַמט.
איך גיי קורס פון נעכט און טעג
מיט שפּורן בלוטיגע אויף קרומען שטעג.
שיף מיינע שניידט ים —
כוואַליע ריסן שווענקט, בענקט:
גרוי, ראָז, פיאָלעט,
ילבער-האָריזאָנט
מיט פייערן געגרונט.
ציטערדיגע האַנט פון ווייטן הימל מאָנט:
איינגעזעלטע שטערן.
פינקל-טרערן פאַרכאַפּטע הערן —
ווערטן, קרן,
אין באַגלייט פון פויגל-טרעלן
איבער בלויע וואַסער-קוועלן.
פון שעה פריסטער
טרויער גריסט דיך.
פליגל-פונקען אין גראָזן זינקען.
הייסער פליסטער,
ווייטאָג זיסטער.
שטומער קרעכץ אָטעם לעכצט:
פאַר געלויף. באַרג אַרויף.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
אויבן-אונטן תפלות בונטן.
קלאַמער אין ווייטן נאָענטן,
אויף כוואַליע צייטן —

פוסטע בייטן.
דיקער שלייער, אויף אויג פון גייער.
רייצט:
חזיונות, העל־חלומות.
פיבערט בליק צו צויבער בריק,
אַריבער צאַמען,
צום צוזאַמען:
אויבן־רוים אָן קייטן זוים.
צו אַ שטול, דערגרייכטן ציל.
— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

וועג מיין איינזאַם ציט,
אָנגעמערקט, ניט אויסדערוויילט,
פאר קויל אין אייל אויסגעשפּרייט.
און איך בין זיך א שונא.
ניט מיט פולווער אין אַ טרענטש, —
מיט גלוסט פארשאָלטן און געבענטשט.
און קולות לאָזן פון זיך הערן
פאַרשווענקט אין בלוט און טרערן.
כל־נדרי נאַכט איז מרעיש עולם:
שלום!
אין געשאַנק געגעבן איז אַ תורה.
פאַר שכר — אַן עונש,
אָפּגרונט מורא . . .
און איז הימל און ערד
היים באַמאָלן
מיט גאָרנישטיגע נולן.
פאַרבן גליען מיט פאַרניכט,
לעש פון ליכט.
און טרויערן די בלעטער:
בליטן דאַרן, פוילן.
רופט מען צו די געטער —

מיסטעריע, פאַרהוילן.
אויגן־גליטער,
פינגער־ציטער, —
אָנגעצילט אויף רוים אין שלאָף,
מיט באַפעלן, משפט־רוף:
פאַר ליכט פאַרלאָשענע,
חלומות צעטראָטענע,
הבטחות פאַרשפּאָטענע.
איך — ארויסגעשטוים, פרעמד.
אָנגעגליטע אויג מיט בטחון ברענט.
און חושך שפרייזט אינמיטן טאָג,
מיט בהלה, קללה פאַר אַ גאָב.
רויזן וויקלען בלוטיג ס׳געמיט,
פּחד גריזשעט מידע טריט.
זומער — ווינטער מעלאַנכאָליע,
פראָסטיג שניט אויף די אלייען,
אייזיג פרייד אויף טיפע ווייען.
הימל — שניידיג שטאָל
אויף אַ וועג צעקרימט און שמאָל.
עמיץ קלאָגט, עמיץ שעלט:
חורבן צאָרן אויף דער וועלט!
וואו איז האַנט, וואו איז מויל,
מיט באַפעל פון גרויל?
שיקזאַל ,קוואַל —
אליין כלי־זין אויף א וויל?
זאָל טריבן שטיל א קול־דממה.
ביזט געשטראָפט מיט צאָרניגער הרמה
פון אַ פארהוילטן פּנים,
אין שטערנלאָזן ברונים.
טאָג און נאכט —
פאַרשפאָט, פאַרלאַכט.
— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

פון ערגעץ מוז אַ ליכט אויפגיין.
פּיינען — פרייד דערזען:
איבער אוראַגאַנען,
שטורעמס, פרעס־טומאנען.
אויסגעשיילט פון וואָלקן
א זעאונג וועט געשטאַלטן.
בלויע פייערן אין ווייסן שניי,
גרינע פעלדער אין טייך געפריי.
וואַסערפאַל, שפּיגל־קוואַל,
און פריידיג ציטער אין שטילן קול:
ברענגען טעג דיר אַ פאַרמעג,
הימל־וועלטן, ליכט־געצעלטן,
פאָספאָר אין גאָלד געהילט —
זין און ציל געפילט.
פינטל־ערד — טרייסט באַשערט



## כג

איך —
צופאַל, רגע'דיג דערשיין —
קלייב זיך ווײלן, אײביג זײַן.
אַ געבאָרגטער, אַ געשענקטער —
הערשער, אומבאַשרענקטער.
אין רוימען־פלי,
ווייטן מהלך צי.
לויפט כּישוף בלענדעניש פּאַראַוויס,
אויף אַ זײַדן שנירל,
צו אַ שטערן טירל,
צעשטראַלט אין צויבערליכט,
פון דימענטשטײַן געריכט —
פוץ פון וואונדער קרוין,
טרוימען־וואוין,
צויבער־פּלאַם,
לויער טראָן.
איך —
לויפט נאָך,
ווערט ניט מיד,
ציט זיך נאָך א ליד,
אריבער צאַמען,
ניט פאַרזאַמען.
מיט גיטער מיליאָנען
טיפן הימל־ים'ען
אין שעה לעצטער,
מיט גלעט פון ווארעם אויג,
פעסטער האַנט.

נאָך שיין,
צו וואונדער־זיין,
צעשטראַלטן וואונק,
גליאיק פונק —
אויף גאָלדן שנירל,
צי צום טירל . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
גראָז און בוים — גרין,
ליכט און גלאַנץ — זון.
און ים און וואַלד — טיפט.
באַרג צום הימל קוקט.
און שיין איז שאַרף —
בליציג בלענד —
פרייד פאַרלענד.
און טאָג איז קליין,
שניט ביז ביין.
מיט א פאַרמעג — געשפענסטער
אין קאָלירטע פענסטער:
רעגנבויגן אין גאזן־גיפטן אויסגעצויגן.
צעשטראַלטער הימל —
מיאַזמאַ־ווימל.
זונס לעבנסשטראָם —
גיהנום־פלאַם . . .
חושך ליכטיגט אין געמויזאַכטס' —
לוסט־גלוסטן אין פאַרשטויסטן,
הייסע לאוועס — מיזערנע תאוות.
שטויב־הימלשע השגות,
מענטש־חיה'שע הנאות.
אַז געזאַמט אין שטויב.
גרייכט שפיציגסט פונקט פון מיין דערהויב
קוים ערדיש מענטשנבערגל.

זיינען מיינע זונענשויבן
באַקלעפּט מיט עסיג שטויבן.
אַלע גרויסן טונקלען אין אַ גרויען דרויסן.
פאַרבלענדט. פון נאָענט און פון ווייט.
קיינמאָל ניט אַוועק —
שטעלן זיך אין זייט,
פאַר באַטראַכט, פאַר באַקלער
מיט אַ זע און באַנעם,
אנדערשדיג פון מיין ערד־באַגרעניצטן געהער.
בין איך ניט דערקענט זיך אליין.
שטרויכלען נעצן מיר דאָס גיין
מיט נאַכטיג ברום, שוואַרץ געוויין.
און שפּרינג איז גרייט פון וואַלד,
רציחה־ברען, געוואַלט.
איז וועג —
חושך־ציכטיג,
פריי־פאַרדעכטיג.
קעלט און היץ באַנאַנד,
אויסן גבול פון מיין פאַרשטאַנד . . .
פאַרקליבן אויפן העכסטן שפּיץ —
איז דאָרטן גאָרנישטאָ,
אַ חוץ:
א פוסט און לער,
הויך פון פאַבלהאפטן דו־ער, דו־ווער . . .
השגות דיינע און פאַרלאַנגען
מיט שלייערם דיקע פון מיר פאַרהאַנגען.
און —
שפּאַרט א רייץ, לאַוואַ־פלייץ —
האָפנונגען און הייסע דראַנגען —
בייזע שונאים מיינע, שלאַנגען.
זונענטרוים,
שטערן אין דיין קרוין,

צירונג פון א וועלטאַל,
דיין אינערלאַכסטער אויסשטראַל.
און איך קען דיך ניט דערבליקן
ווייטער פונם רוים.
און וואו זאָל איך דיך זוכן
טיפער פונם שטוין?
און וואָס האָב איך ניט אויסגעטראַכט,
און מתנה דיר געבראכט:
סובסטאַנץ, עפיר, מאַטעריע,
באַוועג, דינאַמיט, ענערגיע.
מיסטעריע . . .
וואָס'רן מיינע —
ראַש-געאיילטע שטראָמען,
פּאַראַד-ספּעקטאַקל ניט פארזאמען.
גאַנג געגאַן —
אין ים אריין,
קנייטשיג גלאַנץ,
געפלעפּטע פייגל אין כוואַליע-טאַנץ . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
איך האָב ריזנשטיינער אָנגעלאָדן מיר,
א פולן וואָגן —
„ניט!" —
זאָל שווערער זיין צו טראָגן.
אויף יעדן גלוסט — א מעסער שניט.
ניט קערעווען אויף וועג
פון בליץ צעצונדן.
מיט ערדן-שטריק צו וואָך זיך בינדן.
זאָל משא שווערער דריקן,
באַנג נאָך שוואונג שנעלער צוקן,
ווען שפּאָטיש שמייכל אָנגעטראָפן
אויף גאַנגס פארצווייפלטס האָפן.

פאַלן טראָפּנס צו דער ערד
שווייסיג, בלוטיג,
פינטלען מיט די אויגן —
צעגער, צעגער . . .
א וואו איז ווער?
ס׳האָט אַ וואָרים אינם גריבל,
אונטער דרוק פון שווערן שטיוול,
טענה׳ן אָנגעהויבן,
צו זיך אַליין,
צאָרענען און שטוינען:
האָט ווער אזוינס געזען —
אריינגעגנאַרט, אין זומפּ געבראַכט —
און אויסגעלאַכט.
איז קלאָר —
קלעמעניש אויף וואָר.
עמיץ, אין איכ׳ס מוח,
געפּענטעט ליגט, געפאַנגען,
פאַרקיימלט —
מוחל ס׳געשענקעכטס, חסדים אויסגעבעטלט . .
א!
אַ שטימע צו דיר ציטערט
מיטן שרעק פון האָז,
פלאַטער פונם בלאַט,
אָפּגעפּליקט פון בוים,
צאַפּל פונם גראָז
אונטער שווערן טראָט.
און עמיץ איז דאָ דאָ,
אין נאָענט-ווייטן רוים,
ארום און אומעטום.
טראָגט זיך קלאָר אַ שטים,
קיין פּנים זעט מען ניט.
אויף איינעמס וואונדיג שניט

הילכן שווערע טריט,
פון ערגעץ א זאהארא,
געהיימנישפולער מראה.
איז דאָס ניט דיין קול,
בין איך ווייט פון קוואַל?
שוועבט ערגעץ א דאטום
פריי פון דו־ער׳ס אָטעם? . . .

— — — — — — — —

— — — — — — — —

ים איז אָנגעשפּיזט מיט פלעמלאך,
ווייסע,
אָנגעצונדן פון א זון —
אַ גליאיג הימל־מעשה.
אינד צו ברעגן לויפט
אין אַ גרינער וואַנט,
אַרום אַ שלאָס פון צויבער־לאַנד,
אין ריזיגע פעלזנצוימען,
צעטראָפּנטע אין פּערל־שוימען.
לעבעדיגער מין,
פון זאמדן גאָלד און גראָזן גרין,
פליגל אין דער הויך הויבט,
אויף „פּאַראַך״ פאַלט צעשטויבט.
און נעגל אין דער ערד מע גראָבט
ביז בלוטיג וויי,
און חשבון מע פאַרלאַנגט
מיט פאַרשטיקט געשריי:
צאָל און מאָס,
פאַרוואָס!
אינמיטן פלי — פאַרהאַקט א פליגל,
אויסגעטריקנט ס׳בוימל־קריגל.
אוים מיטן פלעמל,
ארוים פון געזעמל.

דערלייז פון שמאַך,
פּיר צום רייך!
איבער וועגן קרום
לויפט אַ יאָמער שטום.
טשערעפּאכע קריך אין זאַמד
צו צויבערלאנד פאַרצאמט.
קלאָג איז ניט דערהערט,
חושך דיקער ווערט.



## כד

העגגען שווערע בערג,
וועמעס וואונדער ווערק?
אין טיפן טונקלען ריסן
פון שטורעמס אויסגעביסן.
שנייען שטעכיג יאָגן,
ענגן שפּור פֿאַרטראָגן
צום אַריינגאַנג
נאָך אַוועקגאַנג.
און איך טרעט דעם וועג אַליין,
קיינער קען דעם קורס פֿאַר מיר ניט גיין.
געשמידט אין קייטן,
פֿורעמען און קנייטן,
לאַסטן טראָגן,
ווינטן יאָגן,
מיט ליידנשאַפט פון האַר,
אילוזיע פון קנעכט,
נאָך מיראַזשן,
בלוטיג-וואונדיגע באַווייזן . . .
איז פון מיין גאַנג דער קלאַנג
פון קייט אַ רינג?
אַשיג שטרוי
אין ריז געבוי?
הימל-פֿליגל העגגט פֿאַרלוירן,
גוף אין אייז-ים שטעקט פֿאַרפֿרוירן.
דיך — האָב אָפּגעצאַמט,
אין צייט, אין רוים.
און וואו איז דער שאַצקאַמער

פון דיין וואונדער־קרוין?
הילפלאָז כליפּעט טייך ביינאַכט,
שווידער־ציטער אין וואַלדס נאַכטראַכט.
פינטל־ערד צאַפּלט מיט צעוויטאָגטער נשמה —
וואו איז ערגעץ די נחמה?
דער גאַנצער אומעט
פון פעלד און וואַלד
ביי מיין שוועל פאַרבליבן.
פאַרדאַרטע בוימער, פאַרוועלקטע גראָזן
אויף מיינע שטעגן ליגן.
און זאָל עס זיין —
צעגיין ווען טומאַן?
אין קלאָר פון בליציג בליץ,
בלענדיג שרפה־ריס,
דערהערן ס'געזאַנג
פון צוזאַמענהאַנג —
איך אין דיר,
דו אין מיר —
העכסט דערגרייך,
טורעם־ליכט אויף וואַך! . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
פיאָלעט קרייזלט אויפן הימל
מיט קוואַליג זילבער אויף די בייטן,
בריליאַנטן שימער אויף רוימע ווייטן.
זוניג פאַראויס גייט
ליכטיגער געזאַנג
אויף שאָטנדיגע שפורן
פון נאַכטיגן פאַרגאַנג.
איז קיל זעפיר דיין באַריר,
מיט עקסטאַז אַנטציק לויכט דיין בליק.
און געזאַנג פונם פאַרשטויסטן

בענקט נאָך אומבאַוואוסטן.
מיין לאַך און מיין געוויין,
רו, געיעג און טאַנץ,
נשמה־שטוין,
הונגעריגער אויגן־גלאַנץ, —
נאָך דיר געלאַף —
פאַנטאַסטישער באַשאַף,
אויסלייז פון איך־מיר,
טיילכל פון דיר . . .
איז צווישן אונז — פּרוכת,
באַוואַכט פון ריזן כּוחות.
און ליגן פאַר דיר אָפן
די ספרים פון מיין מוח,
יעדער אות מיט זיין נשמה־כּוח:
פלאַמיג פייער, זודיג כּעס,
געהאָרכזאַם אויער, ווילן בלאַס.
און צערט א בראַנד
פייערדיגער פון פייער,
און לאָקט אַ ראַנד —
פון קייטן אַ באַפרייער.
און וואו אַ קער —
אויגן שטאָל,
תּפיסה שמאָל.
און שטרענג באַפעל:
געפאַנגען —
ביי וואַסער־ברויט.
און גרייטער אורטייל —
טויטלאַך שרויט.
פאַרפאַלן, רעזיגניר.
אינם אינער —
רעוואָלטיר.
איך ווייס —

ס'איז אָנגעגרייט אַ טרייסט:
צעשמאָלצן זון וועט ווערן,
צעמאָלט אין שטויבן — שטערן,
פאַר א נייעם טראָט אין גייז,
אַ פרישן ליכט דערזען.
קלאָר, ווי חלום-וואָר:
געוויינט, געלאַכט,
טאָג און נאַכט.
ס'איז הימל-ערד —
מיט געבורט באַשווערט.
מיינער —
ערדיש ריטם גאַנג,
ווינט אין כוואַליע קלאַנג.
צעפּיצלטע פונקען,
פון האַמער געבוירן —
אין לערן פאַרזונקען,
גאָרניט געוואָרן.
און ברויזן יאָגן,
אימפּעטיג טראָגן
פאַרצווייפלטע קלאָגן,
שפּליטער פון ציטער.



## כה

ים פלעמלט —
פייערן קופּערנע,
גרינע, קרישטאָלענע,
ראָזעווע, טיולענע.
ברוסטיגע מוזיק אויף כוואַליע רייט,
ווינטן שניידט.
פויגל אין וואַסער שנאָבל זינקט,
פריידיגע דערוואַרטונג אין טיפעניש טונקט.
האָט זון ים רויט געפאַרבט.
באַהאַלטענער אָטעם דראָענד וואַרט.
מאָנסטערס פון די געדערים טויכן ארויס,
מיט קלאַמפער, גערויש,
שיף געשפּענסטער
מיט גרינער שוימיגער פּיענע,
פון אַ פרעמדער פיינטלאַכער מדינה.
שיפּענדיגער סם,
צאָרן פון ים.
ים־ערד וועלט — מיין ווייליג געצעלט.
הענגען פליגל אוממעכטיג,
זידט גערויש פאַרדעכטיג.
שטומער צער זוכט ארום
אויגן־לויער אומעטום.

— — — — — — — —

— — — — — — — —

הימל — טריב,
ניטאָ קיין פאַרבן —
בליי.

וועלן ווערטער מער ניט שפּילן
מיט אַלערלייאיגע קאָלירן —
פריידן זילב — נישטיק מילב.
הענגט צווייג פון בוים אַרונטער —
בלוטלאָז.
ס'איז פויגל-האַלז געשטרעקט צו הלך —
הילפלאָז.
נעפּל —
אין מיר און אַרום מיר.
און ווייט אַוועק —
פאַרהאַקטע טיר.
און אָפן ביסטו און פאַרמאַכט —
רודע און אויפגעריסן ערדנטראַכט.
מיסטעריע.
אויבנאויפיק און געהיים,
מיט אַ הימל —
שמאַטעס, ריסן, לעכער.
אויף מיין ערדן-טיש —
פולע פינקלדיקע בעכער.
און ציין לייבער צערן.
און עמיץ גיסט חרטה-טרערן.
און אויגן טויזנטער איך האָב,
און בין בלינד.
אַ הייליקער —
פול מיט זינד.
וועג מיין —
צעפלאַמטער פאַס,
צעגליטער גאָלד,
אייזיק קאַלט,
שטרויכל-גאַנג אויף קרומער גאַס.
שטראָם פון אויבן —
בלענד פאַר אויגן,

אויף אַ מיף, ענדלאָז־טיף.
און קראַך פון בריק,
אין סאַמע מיט.
אַ בייזע שטיק . . .
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
איך —
וואַגט,
אַלפּן קלעטערט —
דערוואַרט:
עליה, זכיה,
פאַרשטענדעניש, דערקענטעניש.
פינטל, שטריך,
הויך פון אַ שטערן,
אָטעם־צוג דערהערן
אינם פויזנקריך.
נו!
טונקעלן סמנים —
שמייכל אויף צעקרימטן פנים.
געלעכטערס קעלטן אויף ים'ען צינדן,
ווינט־גערויש אויף ברויזע אינדן.
ווינטער־זעגל — פול צעבלאָזן.
גערטנער — פוסט, פאַרלאָזן.
ממשלה פון טייוואָלים.
הבל'דיג, הבלים.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
נעכטיגט עס און טאָגט
אַ שטיין אין האַרץ פון מיין נשמה.
געשאַנק פון א וואַמפּיר,
אַ נחת־רוח דיר . . .
קומסט צו באַרג —

פאַרשלאָסן.
פאָרהאַנג צו אריינגאַנג —
ים, צעפלאָסן.
און איך בין איינגעשפארט אין צעל
מיט טיש און מיט געלעגער.
פון פרייע וועלטן אָפּגעפרעמדט
מיט עלנט, יאוש׳דין הונגער.
אַז שטענדיג דראָעט מיר
צער׳ס ביינערדיגער פינגער.
און וואָלף און שלאַנג,
קעלט פון אונטערגאַנג,
בריט מיר מיינע טריט,
נקמה הויערט רויט צעגליט.
אַזאַ גורל:
צו קייט-געשמידטער פּוס,
אומבאַדינגט, אומפאַרמיידלאַך, מוז.
און ווייט און פרעמד בין איך,
זיך אַליין —
טייוליש-קליין.
און דערהויבן, געליטערט,
געפאַלן, דערוויטערט.
פאַרדריקטער מעסער אין די ציין,
און אין ווינקל — נעבעכדיג געוויין.
און גיי אויף זיך מיט אויסראָט,
מיט פאַרניכט,
פרום, פאַרביסן, שטום —
אויספירן באַפעל, ארויפגעצווינגטע פליכט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אויף הימלען רויכן הורבות —
מתנות פון קאַנאַן —
פעסטונגען צעשמעטערטע

אין לעצטן גלי פון פלאַם.
און ווינטן ווייען, פונקען זייען.
שפּאַרן לעצטע פייערן
אין די רוימע הימלען,
לעשן זיך צום דרימלען.
מיטן לעצטן הויך
טויכט ארויף דער כוח —
פייער פלאַמעדיג צעגליט,
זונען זוניג זיך צעבליט.
אָן אָנהויב, אָן ענד,
אַגאָניע — נאָר ניט פאַרלענדט.
פון דער תפיסה אויף דער פריי,
ליכט פון חושך אויף ס׳ניי.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
שרפה און פאַרפלייץ
אין ווילדן אָנגעררייץ.
הימל הערט —
איך דערקלערט,
און אָנטויש דעקרעט:
ערד שווערט —
געזעצן אייזערנע,
תאוות מיזערנע
און פליכטן שפּל׳ע —
צערן, נערן, אומענדלאך ווערן,
צום צעשטערן,
איך וויל ניט זיין.
אין נאַכט אַריין!
זאָל פינסטער ווערן,
פוסטן לערן.
מוחל די חסדים,
מתנות, טובות,

ס'ערוווירטע מיר מיט פּחדים,
גיהנום'שע יסודות.
. . . אויסגעגאַן דאָס ליכט.
חושך, דיק־געדיכט . . .
איז —
אין אַ ווארים גריבל,
אין אַ מילבן־שטיבל,
צו —
אין איינעמס פּיצל נאָגל, —
אַ ברעקל אינם וואָגל,
פון וואונדער־קראַפט געטריבן,
באַהאַלטן זיך, פאַרקליבן.
פּראַטאָפּלאַזמע פון מיאזמא!
וועט ניט העלפן זיך דאָס ווערן,
מוז לעבן צאַפּלען אין די לערן,
מיט די פרייען, מיט די ווייען,
אינם חשכות זונען זען.
האָפן . . . ארויסגעוואָרפן —
ס'איז אַ שפּעלטל תמיד אָפן . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —

איך —
וואַרף שווערן צודעק אָפּ פון קאָפּ —
הוילן הימל פילן,
העלע קלאָרקייט שפּירן,
שווערן אומעט קילן.
שיך פון פיס אראָפּגעוואָרפן
און ניט באַרירט די ערד —
האַלט זיך אין דער לופטן,
איבער גרויע פלאַכן,
רוחניות פון זאכן.
און צער יאָגט דעם שמייכל —

פאַרלעגט דעם וועג צום היכל.
איז קאָפּ געבויגן,
צו ערד געצויגן,
ציין געביים אין לייב —
לעבן טרייב —
מאַן און ווייב.
חלומות בריען,
שנורן ציען . . .



## כו

טאָג —
פּראָסטיק אָנגעגליט.
הימל — זשאַווער,
אייז באַטריבט,
מיט שטאַנגען שטעכיק,
אויף ערד־ים באַיאָנעטן אָנגעשפּיצט.
בליאַסק און בלענד, שטעך, פאַרלענד.
פאָראויס — פייער־זייל
מדבריות ברענט
מיט שלאַנג און עקדיש.
חיה־מענטש פון הייל —
פאַרפרוירן.
יאָרן — מיליאָנען — פאַרלוירן,
געשליידערטע אין קעסל־גרוב,
אין דישאָנגל פאַרבליבן —
שוועל פון מיין שטוב.
שקלאַפּעניש באַשווערט די פּיס.
פּאַסירט א נס —
שטויב געשטויס אויף פריי אַרויס.
איך —
אין מושעל־הייל פאַרבליבן,
אין תהומ׳ען גאָלד געקליבן.
בלישטשענדיקע שטיינער פון טרעשטשענדיקע
ביינער,
אוצרות ברויט אין טראָט פון טויט.
און זון אויף פונקען אויסגעביטן,
צוליב׳ן בלעטל — בוים פאַרשניטן.

מיראַזשן אויסגעטראַכט,
מיטל פֿאַרן ציל געמאַכט.
איז השיבות — שפּל,
עיקר — שקר,
קנעכט ביי טפֿל.
איך האָט זון אין נעץ פֿון שפּין געפֿאַנגען,
מיט שפּיז אויף זיך געגאַן,
אויף תּליות זיך געהאַנגען,
פֿאַר שיין געקראָגן מורא,
דערהויבן חושך צו אַ תּורה.
און ערשט נישט לאַנג
געפֿיבערט האָט אַ קלאַנג:
אין פֿייער פֿלאַקערט שאַל פֿון האָרן —
ס׳איז פֿול די ערד מיט האַס און צאָרן.
שוידער-גליווער האַרץ אַריבער.
און אַ מעשה:
דונערן און בליצן.
וואָלקן-רויך אויף פֿעלזן שפּיצן,
מיט שטורעם טומל אויף רויטן הימל,
מיט ברויז, תּאווה-רויש.
און ערגעץ קנאַלט אַ דאָרן-בוים,
אין פֿלאַמען פֿון אַ זעאונג —
נאַכטיק טרוים פֿון ווייאונג? —
אויף פֿעלז און הייל, און באַרג און טאָל —
געדאַנק-געשאַנק, ריין קרישטאָל,
מיט נייעם וואָרט,
פֿון שאַרף פֿון דלאָט
געקריצט אויף בלאַט פֿון האַרצן מוח.
היים פֿאַרלאַנג, שטאָלן דראַנג:
באַהעפֿטן,
מיטן כּוח,
סוד,

קראַפּט פון קרעפּטן . . .
אויפטויך, אויפריר,
אַן איינציגער אין מיר.
פון דער מאַסע, קעפּיג מיליאָניג,
עמאָציאָנעל איין־פּנים׳ג, אייזיג־פלאַמיג.
אַן איך, אַרוים פון קריך.
מיט א פּרוש, א באשייד,
פלאַטער, רוימען שוועב . . .



## כז

אין טיפן הויך שטייט אַ הימל
מיט אַ לייטער פון קרישטאָל.
און —
פאַרגאַפּט אויף שטערן־ווימל —
שירה קלינגט פון באַרג און טאָל:
פאַר רגע־פונקען מיר געשענקט,
חלום־צאַפּל אויסגעבענקט.
האָב איך זיך געצירט
מאָרגנדיג, שניי־ווייס,
פון האַרצן אויסגעריסן
אויגן פונם גרייז.
ים־וועלט טראָגט אוצרות אינם בוזעם,
פּערל־פראַנזן אויף די זוימען.
פאַר די לאַסטן — זונען לוינען.
און מחילות,
דערגרייך פון תפילות
אין עקסטאַז געצונדן,
מיט פאַרשפּרעך געבונדן.
נס באַווייז,
צויבערלאַנד באַרייז.
אויג מיט פייער גליט,
אין עקסטאַזן רוט,
פון וואונדער־פלום,
שטראַלן גום.
פריידן־רוף פון וועכטער טורם:
אַריבער איז דער שטורם!
שפּיגלדיגער ווייַן

פאַרבט דעם הימל מיין —
רויזיק־רויט און ריין בורשטין,
מיט אַ צומיש —
בלוילאַך־גרין.
שטערנבלום, אין געוועב פון גראָז,
אויף צעגרינטן באָדן,
האָט אַ האַנט געמאָלן.
פלאַטער־ווינט אַקעגן,
אין שיין, אין רעגן.
זילבער דורשטן שטילט,
אין שטראַלן־נעץ צעשפילט.
פויגל טרוימען שפרייט,
אין גרינע שטאַנגען,
אויף פאַרבענקטן וועג
צו סאַמעט ברוינעם וועוויריק.
מיט שטומען אימפּעט־לשון,
צו פולע זומער קוישן.
עמיץ האָט דערזען
אינם נעץ די פרייען
פון לאַנג שוין צוגעזאָגט.
ליכטיגט און פאַרטאָגט
אַ וואָרט נאָך ניט דערזאָגט
אין שפּראַך פון העל געזאַנג,
סודות'דיק און טיף,
מיט כונה רייף,
דערקענטעניש־באַגריף
אין לויכטנדיגן שיין,
צויבערדיגן זיין.
האַלטן מיר זיך ביי די הענט,
איך און דו.
אַזאַ צויבער־שעה:
זיך אין דיר,

דיך אין מיר —
דערקענט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
האַנט איבער מיר
צייכנס קרעפטיג שפּרייט,
כוחות העפטיג זייט
פאַר באַשוץ און באַזיץ.
געווען אמאָל אַ נאַכט,
שרעקן אָנגעבראכט, —
אין פינסטער הילפלאָז ליגט,
פון העלן ליכט צעדריקט.
אויף הימל-ערד געוועב —
זוניג פרייד געשוועב.
פאַרשוואונדן איז די רוט
געוויקט אין ווארעם בלוט.
און דאָס בייזע וואָרט,
געשלייפט פאַר רשעות, מאָרד, —
פון נחת-רוח ווייסט
אין געבראכטער טרייסט.



## כח

זונק און פלי —
איין גליאיג ברי.
ווייַן און סם —
אין זעלבן שטראָם.
און בלומען אַזוי פיל
אָנגעסיליעט אויף מיין צווייגל,
צעלויכטענע דימענטן אין אַ קרישטאָלן טרייבל.
און ראַקעטן צעשאָטענע,
בליציק פלאַטער,
זונקען פאַרלאָשענע.
פלאַקער, פלאַם —
אריין אין ים.
פליגל שווים, ווינטן שטים,
זשאַסמין, טולפּאַן, —
פאַרגעלט, פאַרגאַן.
איך —
הערט טרויער־קלונג,
אין ביסן ברויט, וואַסער־שלונג.
יעדער אות —
צענויפגעמיש —
פרייד־פאַדראַם.
גייט מיר נאָך אַן אייגן־אומבאַקאַנטער,
טריט ביי טריט,
אימער, איבעראַל —
מיין שונא־פריינט,
צודרינגלאַך שיקזאַל.
הימל קנוילט מיט שפּורן —

צאָרן־גוס, קאַנאַנען־שאָס.

— — — — — — — —

— — — — — — — —

אין דער פינסטער —
שרעק געשפּענסטער —
היגע־יענע וועלט —
קעלט.
און פויסטן שטרעקן זיך צו מיר,
געביילטע,
און פיס יאָגן זיך פון מיר,
געאיילטע,
און אָרעמס ציען זיך צו מיר,
געגארטע,
פון מיין שאפן פעל געגאַרטע.
און אויגן, שפּיזן, שטעכן מיך,
און בליקן, שטערן, צערטלען מיך.

— — — — — — — —

— — — — — — — —

האַנט, פאַרשטעלט, צעלויכטענעם שניי,
אַנטציקונג וויים געפריי,
איבער טעג פיבעריג וואַרפט,
אין גאָלד שטיקער אין דער נאכט.
מיט אַ בשורה,
צעקלונגען אין שירה:
שוואַרצע שטראַלן
צום אָפּגרונט איילן.
שווערד — אָפּגעווערט.
מע הערט —
אין די הויכן אַ שטימע זינגט,
פריידן־שמייכל קלינגט.
הימל איז אין זעאונגען צעפלאַקערט,
ערד, אַ נייע, פריש צעאַקערט,

מיט חלומות אויף דער וואַך,
אין שפע, כל־טוב רייך.
אָפּגעראַמט די בר־מנן׳ס,
געגאַרטע שלעסער איינגענומען.
איך —
טראָגט שטאָלץ דעם מאַנטל —
חיה־פּעל —
אים צוגעוואָרפן ביי הקדש־שוועל.
פריי, גורל טריי —
פרייד און לייד פון לאַסטן וואג,
אַלט און ניי,
מונטער טראָג.
פרייריג, גליטשיק וועג —
אוצר׳דיג פאַרמעג —
פלאַמען־גאַנג פון זון
אויפן ראַנדן־גאַנג,
מיט פורכטיגער הכנעה:
גורל איינער ביידנס —
קייטן־צוואַנג,
אויף מאָרגן הימל־עק,
צעגליטער זילבער־פלעק —
צעלויכטן שניי אין זון־אויפגיי.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
און שווער איז טויב ס׳לייב,
מיט פליגל קורצע
ברעקלאך, צוגעוואָרפן, קלייב.
און בלאַסער גלויבן אין א דערהויבן,
ספקות און אנן־בשורות,
חלומות׳דיגע דערוואַרטע עשירות.
ערגעץ ווייט, אין א וואָלקן,
עפּעס ליגט באהאלטן.

דערקוענטס, פארטראכטס —
אייגנס:
מיטן שכל אויסגעדאכט?
פון קוואַל־געטראַנק —
א שפּריצל בליץ
צוגעטיילט, קוועל־געדאַנק?
מיט „איך היים"
אין בלוט און שווייס,
פון א הורבה, פּוסט געצעלט,
אין א מדבר אויפגעשטעלט? . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך —
מאָנט,
מיט טענות:
ערגעץ זונט,
העלער האָריזאָנט,
גרונט פאראַן,
קלאָר פון־וואַן.
אנט —
דימענטן אין מדבר־זאמד
אָנגעדייט פון פּירער־האַנט.
יום־טוב פעסט
פון וואָך וועט ווערן,
נשמה־פרייד דערהערן.
און סע בויערט:
אַרעסטאַנט,
וואַקל ביי סכנה־ראַנד.
א געבאָרגטער, א מתנה,
אויף א קייטל ביי זון, לבנה.
טאָג און נאכט,
אויסראַט־שלאַכט.

איז דיין גאַרן — בלאָז, צום נאַרן.
אין העלסטן פּרוּף
טוט נאַכט אַ רוף:
געבאָרגטער,
פון דו־ער, דו־ווער,
דיין מלוה, אַ פאַרזאָרגטער,
אויף א ווײַלע זיך געשענקט,
כלומרשט שותף צו באַשאַף,
און געבונדן, און באשרענקט.
קום!
באַנג־פאַרלאַנג —
פאַרגאנגען, שטום,
מיט קרעכץ און ברום.
נאַכטיג וועג — שווער, ניט זיכער,
קאָשמאַרדיגער וויכער,
מיט שטרענג באפעל:
משא טראָג,
ערדן־וואָג.
אין חושך פלאַמט א גליטער.
מארטש שטאָלץ,
אָן שרעק, אָן ציטער.
פרייד דערפיל —
דערגייך דעם ציל.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
ניין!
אינם גיין
וועל איך זוכן,
שיין אויסקוקן
אויף וועג צו היכל,
אין טריבע אויגן אנטפלעקן שמייכל.
יעדער טאָג — אַ ליד,

טראָט אויף נאָך א שטיג,
פאַרזוך צו וואַגן־שוועב
אין פאַרפלאָנטערט זיין־געוועב.



## כט

זון און לבנה —
אין לייב פאַרקנאָטן,
אין יעדן קנייטש פון דער נשמה,
פון א צווייג,
פליגל פון א פויגל
אין דער הויך געצויגן,
אָן אַ גוף
אין ענטפער פון א רוף.
הימל־פייער, ווערן־שטייער —
וואַקסן, שפּרייטן,
קאָלירנדיגע קווייטן,
אויף אַ טוך,
לעבן דוך.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איין פיגור —
און געשטאלטן אזוי פיל.
טריט פארשידן —
שפּורן צו איין ציל.
און א ריגל, און א שלאָס —
קלאָרער ענטפער אויף פאַרוואָס.
ים־שטורמס ברעגן בייסן,
בוימער מיט די וואָרצלען רייסן.
מיינע שלעסער אין אָפּגרונט זינקען,
פעלדער אין אומקום פאַרטרינקען.
וואולקאנען־קנאַל, לאַווע־גיס,
אויף מיין הויז שוועבל שיסט.

איך פארצווייפלט לויף,
ברעך די הענט ארויף:
עפנט אויף דעם הימל,
רייסט אים אויף פון דרימל!
צאָרן און געבעט פארברידערטע אין יאָמער,
פיבערדיגע אויגן אין שאָטן-קלאמער.
און שווארצט אין פייער ראָם,
פון א הויך צי פון תהום:
ווייכער-דריי —
געבורטן-וויי,
אינם רינג,
טויט און לעבן קלונג.
אריינגעשליידערט אין א ברונים
איז א שקלאַף אין „פלען" גענומען,
איינגעקלעמט אין אייזן-צוואנג.
היט די תפיסה איר געפאנג —
טויזנט שטרויכלען אויף יעדן ריר:
אינם איינזאם גליווער, פריר.
מיט קאָשמאַרן ליג פארטריבן,
פון א דול-הויז אין פוסט פארבליבן.
וועכטערס אויג אויף דיר געריכט —
פאַרריגל זיך, לעש אוים די ליכט.
חושך-צאפל ברענט שוואַרצאפל:
זאווערוכע,
פאַראורטיילטנס מערכה.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
געוויטערס איבן צער'יגע מאָטיוון.
רעד איך צו דיר מיט שטים פון דרויב.
איז בלינד דיין אויג,
אויער דיינער צו מיר טויב.
שטויבל פון א שטויב,

אויף שטויבן מיליאָנען מער צעמאָלן,
פון שטורמווינט אין האַסט געטראָגן:
וואַך!
קיין דערגרייך.
צופאַל, א נול אין וועלטאַל.
פאר עמיצנס א ציל,
קאַפריז, צו לוסטיג שפּיל —
אויפגעטויך,
א איך —
באַצילן־קריך . . .
א פעדעמל אין קייקעלע,
מיט ביליאָנען מער געפאנגענע,
אין א טראָפּן רעגן,
פון שטורמווינט פאַרטראָגן,
ווער ווייס צו וואָס,
פאר וועמעס וועגן.
שטערן־וועלטן, אוניווערז —
א זאמדעלע, אַ שטויבעלע די גרויס.
דער גאַנצער דרויסן מיטן רוים —
פארטריקנט בלעטל אויף א בוים,
אין א וויסטן גאָרטן,
אָן צוויט, אָן פרוכטן . . .
אילוזיע, פארבלענד,
אין נערוו געוואָרצלט, אין א גלענד,
מיט פאלשער וויזיע.
און אלע דראנגען,
קלעמענישן, צוואנגען,
מיט מיין שטארקן ווילן,
דורשט גיהנום׳ער צו שטילן —
שוואכער מילבן־בלאָז
אויף אַ פּראָסטיג גלאָז.
מיין גאנץ געזאנג, הייס פאַרלאַנג,

און מיין קריג,
און מיין זיג,
אין זונען פייעריג געברענט —
צופאַל, אינצידענט,
וואַסער שפּריצל אין אַ כוואַליע,
ארויפגעשוואומען אויף אַ וויילע.
מיראַזש,
וואָלקנדער פּייזאַזש,
געזען פון אַ תפיסה
אין צאַפּלדיגער גסיסה.



# ל

לויער אין אומגעהויער,
פאַרפלייץ, געוויטער.
מעסער —
פאָר שווערע און פאָר לערע זאַנגען.
צייטיגע און גרינע —
ארונטער פון דער בינע.
איין געזעץ פאַר אַל —
אכזריות׳דיק שיקזאַל.
און ווייסט די זאַנג דעם אורשפּרונג.
שפּראָצונג — פונם זאָם.
און פילט דעם שניט פון מעסער
אין הארצן פונם שטאַם.
אנט:
רייפע קערנער —
צעמאָלן ווערן,
אָדער —
זינקען אינם באָדן,
פרוכפּערן און מערן.
איך מיין אָנהויב זע
דורך פעלזן־וואַנט,
אינם לערן־ראַנד.
קלאָר מיין גורל גיי
אויף וועגן אומבאקאנט.
זוך איך זיך אין פרעמדע אויגן,
פארשידן גאַנג,
פון אונטן־אויבנס צוואנגען־דראנג —
אין פלאנץ, אין שטיין.

פון טיף געזען,
ווער ווייס:
זייער ווייט דערגרייך
ווי העכער שטייגט
מיט מיר אין פאַרגלייך . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אויבן־אונטן —
פלאַמען שטראָמען, וויבראַציע,
באַוועג, ראָטאַציע,
אין אָנטרייב פון א כוח, געניאַלן מוח.
קאָמבינאַציע:
טיפער שכל, שטאָלן ווילן.
מיט א חלל —
קיינע תאוות, אָן געפילן.
איין —
צו יאָמער פון קרבנות,
פרעמד דער מדה פון רחמנות.
איז מוזיק צו זיין אויער —
דונער־קראַך.
וואולקאַנען קנאַל, יסורים קוואַל —
**פאַר אים א שבח.**
דעם העכסטן מנהיג׳ס גרעסטער תענוג —
וועלטן חרוב׳ע, צעשטויבטע שטערן.
טויט ביי מיר — בליאונג צו דיר,
אידעאַלער ווערן . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
חלומות געבוירן —
אין קעלטן פאַרפרוירן.
דו־ער דערביי — ניטאָ,
ערגעץ ווייט אוואו.

פֿאַרשטיינט געזיכט,
שטוינענד גלייכגילט.
פֿאַרקוקט מיין גרוילן שטראָם
אין קאָכיג ים
פֿון צער׳יגע וועלטן
אין יאוש׳דיגע קעלטן.
דויער איך, זעץ פֿאָרט,
אין לעבן, לענגער נאָך — אין טויט.
אייביג,
באַוועגלאָז און שוועביג . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אין די גאסן א געלאַף,
מע רייסט זיך פֿון שלאָף,
אויף פֿרעמדע פיס, איבעריגע לייבער,
אונטער בייטש פֿון געהיימניספֿולן טרייבער.
א געאייל אין א וועג אריין.
ערגעץ מוז מען גיכער זיין,
שלאָגט פֿון דאָרט אַ שפּעלטל שיין.
חלל-האנט שטרעקט א וואנט:
אָט-אָ-דאָ, אָ זיי, אינגאנצן דאָ,
און מער ניט ערגעץ וואו . . .
קלעטער-לייטער — אָפּגעבערענט,
פּעדים אַלע אָפּגעפרעמדט.
ניט צום אויבן,
אראָפּ צום דיל —
דאָ איז דיר דער גאַנצער ציל.
תכלית גרויע ערד,
פֿון דיר געטראָגן, מיט דיר בשווערט.
פּוסטע הייל, וויסטער שלייך.
פֿון ערגעץ ניט געקומען,
אין ערגעץ ניט דערגאַן.

זאָלן אויגן בלינקען, צוקן,
האַלב פאַרמאַכט,
ניט געזען, בלויז געדאַכט:
ווינטער־קעלטן, פרירדיג וועלטן.
אויף נאַקעט ערד עלנט קריכט,
ווינטן פלאָנטער אין הוילע צווייגן,
יאָמער אין פאַרגליווערט שווייגן . . .
אָ!
ס׳איז פינטל־ערד אַ דורכפאַל,
עקספּערימענט ניט געלונגענער.
חיה־רייך, שטיין און פלאַנץ,
קלאָגען־יאָמער, פריידן־טאַנץ,
שטערן־שימער, הויכגלאַנץ, —
ניט געשטויגן,
נאַכטיג שרעק אין ווילדע אויגן.



# לא

איך —
בין זיך א פרעמדער,
קיינמאָל ענלאַך, גלייך,
אייגן אין דערוואַך.
יעדע רגע — אַן אַנדערער,
געוועקסלטער, געענדערטער,
מיט אויגן פרישע, נייע —
חושך־בלינד
און שאַרף־געשווינד.
שפּין איך און איך ברייע,
בליק אין וועלטן פרייע,
ווייט פאַרהוילטע לענדער,
אין טרוימען ניי געבוירן,
אין קאָשמאַר לויז געוואָרן.
און נאָענט בין איך
און פּאָלאַר־ווייט,
פאַנטאַסטישע דערשיינונג,
בשורה און א וואָרנונג,
מיט אויפקום און מיט אָפּקום.
אין פרימאָרגן — פרייד געשפּאַן,
אין דעמער — שיין פאַרגאַן,
דעראין פון א זין
אין געוועב פון שפּין.
אייביגדיג און רגע׳דיג,
נעפּל־צאָל פון צעלן
אין פריידן און אין קוועלן.
פאַראורטיילט און באַשרענקט,

פריי און ענג פארשמעלט.
פּראָטאָפּלאַזמעשער געברי
אין הימל רייסט זיך — פּלי.
פּויזענדיג און שאָרכנדיג,
גרילצנדיג און כאָרכלענדיג,
פּיל־קעפּיג און פּיל־פּיסיג,
היח־מענטשלאַך היציג.
אָפּגעצאמט, געגרענעצט
דורך נעכט און טעג,
חזיונות און נסיונות
אויף באשערטן וועג.
און נעפּל בין איך
אין זיך אליין —
טאָג און נאכט,
ממשות׳דיג און אויסגעטראכט,
חלומ׳דיג און הארטער שטיין,
זוגס שמייכל און פאַרגאַנג־געוויין.
קלאָר —
נעפּל־וואָר:
אין נצחון־גאַנג
טויב און שלאנג,
ליכט און נאַכט־געדראנג,
מיט שלאַכט־דערוואַך
פון לאַווע־פייער,
וואולקאנען־שפּייער.
אין חלום צייג:
לעבנס איך פארשנייד,
שענד, פאַרלענד.
האָרבן —
פון דער אייביגקייט דערוואָרבן.
און אליין דער קרבן.
און חסדים טו איך,

און שכן — פאר מיר מידט זיך.
ס׳איז מיין חלום-דויער ווינטער גרויס,
אמאָל מיטן זומער אויס.
אָפט אין קרירה-קעלטן
און אין היצן רייך,
פון שפיל אין גרויל, וויין און לאַך.
מיט מיין זכרון שוואַכן
איך קען פון חלום ניט דערוואכן.
געדענק קיין אָנהויב ניט —
ציט דער פאָדים זיך פון מיט,
פון מוטער-טראַכט אַ שניט.
פאַרליר איך זיך,
לאָז ארויס מיין האנט,
גליטש זיך אין דער פינסטער,
אליין מיט נאָג,
וואונדן טראָג.
און וואוהין טראנס-קאָשמאר פירט —
סוד, פארהוילן,
פלעכט געדיכט.
און —
דערוואכט —
צו וואָס:
לייב-קנעכט צום בעל־הבית?
— — — — — — — —
— — — — — — — —
זע איך וואַסערלאך מיט פייערלאך,
שפרינגענדיגע, זינגענדיגע,
מיט א שטים —
זילבער-בלוי,
מאָרגן-טוי.
אויף הימל-גרין,
ליכט-שטראַל זין,

און פּאַרפיר,
אַ מין באַציר,
העלזע־קרוין,
בלאָז־באַלוין.
אַ נאַכטיג איינער,
באַלאָדן מיט שטיינער.



## לב

אין מיין וואָרן חלום-טרוים
גייט מיר נאָך מיין גורל-בוים,
מיט ליכט און שאָטן-פלעקן
אויף מיינע קורצע דויער-שטרעקן.
איבער מיר די צווייגן
ציען זיך, צום שטייגן.
מיט בלעטער-אָפּגעפליקט, צעריסן,
פון ווילדן ווינט געביסן.
יעדער בלאַט — אַ איך,
וועלט פאר זיך אין פויזן-קריך.
אין דער גלייכקייט — אייגנארטיג,
אינערלאך — אויסטערליש געבוי,
און אָפּגעזונדערט, שמערצעדיגער אוי.
פיינלאך פריינטלאַך צו דעם דרויסן,
נאָענט-ווייטן, אומפארשטענדלאך-גרויסן.
און — אָפּגעפרעמדט, בייז און פיינטלאך.
אייגן-לייביג — אומדערטרעגלאך.
אָפּגעצאַמט און אונטערשידן,
צום פאַרזינקען אין די גרונטן.
און בלייאיג איז מיין הויפט-מאָטיוו,
פון דער זון פארזען.
שטראַלן זעלטן אינטערמעצעס אויף,
אויף א רגע, צום דערפרייען,
פאָכען פליגל בלאַסע, שוואכע,
אַן אויסגעדאכטע לעגענדארע מעשה:
פארשפּרעכן אומשולד-צייכן,
מאַרטירער-קרוין —

באַלוין פאר דאָרן־קראַנץ ארום דעם שטערן,
ריזן־משא, בעל־כּרחה ווערן.
אוצר־האַרץ —
קוואל פון פריידן
און פיינען, נאַכטיק־שוואַרץ.
געצאַפּלט און געבלוטיקט.
א מתנה צוגעטיילט, פארגיטיקט.
פאר הענט פון פריינט און פיינט —
גואל־מאָרגן, בייזן היינט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
האָט הימל אָנגעזאמלט
הויכע בערג מיט שניי,
אויף ערד געשליידערט
מיט ווילדן ווירבל־דריי,
און מע יאָגט זיך פון די וואָלקנס,
שטורמס אויסצומיידן,
רעגנבויגנס׳ קלייבן.
טראָגן ווינטן א געזאַנג,
רעגנס נאַסן גאַנג —
זודיק־קאלטע טראָפּנס.
יעדער טראָפּ — א ווערן,
אויף א הימל — אַ פרישער שטערן,
מיט ציטער און מיט גלי,
חומר און נשמה־צי.
און אזויפיל בערג און טאָלן,
אויף שיקזאַל־וואָגשאָלן,
און פייער־שפּייענדע וואולקאנען,
און רשעות פון גרויזאמע טיראנען,
פארמאָגט א טראָפּן וואסער
אין זיינע טיפע אָקעאַנען . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —
ס׳איז מדבר־זאמד ניט אָפּצויאָגן.
ווינט האָט אַ זעמדל אָנגעטראָגן
אין אויג פון מיין נשמה —
א ווייַ דיר פאר נחמה.
באַקום א מום,
א קאַליע ראיה,
רוען זאָל אויף דיר א רוח פון נבואה.
וועט לויכטן שאַרף,
שפּאָטיש, קרום,
געשפּענסטער אומעטום,
געיעג פון שרעק,
אַנגסט פון אַנטפּלעק.
א זכיה דיר —
בלומענקרענץ, התפּעלות־טענץ,
און חרמות, און שווערע שטיינער.
און הערן וועט דיך קיינער . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —
זאמד און שווערע טעג
אויף א לאַנגן קרומען וועג.
פרילינג, זומער —
אָפּגעלאָפן,
האַרבסטע ווינטן אָנגעטראָפן.
הימלען פאַרפירן די רייכסטע קאָלירן.
ס׳איז ערד גאָרניט געבליבן.
חוץ טרוימען פון רוימען,
אין צער פאַרקליבן.
קום איך א גן עדן
מיט עלנטקייט אַקעגן.
שפּרייז אַ פאַרקלעמטער,
אין פאַרלאַנגען אַ פאַרברענטער.

און בליאַסקעט ווייטע שיף,
באַגלייט פון פויגל־רוף.
און שופר בלאָז אין שול,
אללא׳ס וויינענד קול,
גלאָקן־קלונג אין קלויסטער:
קומט עמיץ דיר אקעגן,
איז דאָ דערביי, דערנעבן,
וועט אויסגלייכן די פּלייצע
מיט א שמייכל, קלוגער עצה . . .
— — — — — — — —

— — — — — — — —
איך רייס זיך פון טונעל —
א ווייסער פלעק ביים שוועל,
פון הימל־רייך געצילט,
מיט זונענשיין באַגילדט.
שנעלער, גיך, דעריאָגן
פאַרשפּעטיגטע פאַרטאָגן,
פינסטערניש פאַרגעסן,
אויף טראָגען זיך באַזעצן.
לויפט מיר שנעל אקעגן
אַ בויגן נאָך אַ רעגן.
און פייערלאך אין וועג,
אוצר׳דיג פאַרמעג.
ווייסט מען:
עמיץ וואַכט,
מחשבות טראַכט,
וועט דערקלערן רוישן־רויש,
קאָך־געברויז.
קומען הימלען אָן, אלערליי:
טיף און שמאָל,
בלויער זייד, גרויער שטאָל,
און קלאָרער זילבער,

שניי־זאַווײַ.
איז מײַן אָרימקייט מיט גרינס באשטעלט,
פון שניי באַהעלט.
זאָל דוכטן —
א בשורה אין דער לופטן.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
שטייט א בוים — הירש־געשטאלט.
צווייגן — זון געשטראַלט,
געבויגן, געצויגן,
צו אַ ווייטן אויבן.
אינם פלאַטער — ווינטן־וויג —
אומרו־צאַפּל, פלאמיג קריג.
און אלע מאָל אן אנדער פויגל,
ברייט צעשפּרייט אין לופטן־גאָרטן.
מיט אַן אָנזאָג —
העלער אָנטראָג, באַלדער אָניאָג.
פליסט פון ערגעץ א פריידיג שמייכל —
ברויזער ים גרייכט ניט דיינע קנעכל.
ווייס׳ איך:
דו ביסט דאָ, פאַראַן.
באַווייז —
איך, מײַן שכל׳ס זיין.
איך טראַכט פון דיר —
ביסט דאָ אין מיר . . .



## לג

ס'איז א שטיינדל אָנגעלאָפן,
שפּיגל־וואַסער אויפגעבראָכן,
מיט שפּיצלאַך פון א חלום
אויף מאַרטירער־פּנים.
שוועב איך אין די רוימען,
צוגעשמידט צו ערד.
פון שטעכל צוימען
שמייכל קוקט פארטרערט.
אז וואָס סע שייך מיר און דיר —
חושך,
ספּעקוליר, פאַנטאזיר.
השערות, סברות.
ערגעץ אַ צעפּראַלטע טיר.
איך — אין דיר,
דו — אין מיר . . .
אַז נעענטן קען איך דיך ניט
מיט חומר'דיגע טריט.
שוואַך איז מיין שכל
פאר ארײנדראנג אין דיין היכל.
וויל איך דיך גרייכן
אויף נשמה־שלייכן.
איך ריים זיך דיר אקעגן
אויף עקזאַלטירטע וועגן —
זעלישע הוויות,
דבקות, התלהבות . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —

אין נעכט פינסטער־כוואַליגע,
אין שעה׳ן שווארצע, פייניגע
האָב אויסגע׳חלום׳ט, אויסגעוויינט,
אין בלוטיג צער אויסגעווייקט —
א וואונדער צויבער־מויער,
אין א יענער זייט ניט־דאָאיג טויער.
און איך קלעטער, זוך נחמה,
אין א חלום —
גייסט, נשמה.
אין דוכטן קלייב עשירות,
כוח פאר נצחונות, רוים־גבורות.
פאַראַן אַ יוצר,
א מלך מיט אן אוצר,
פול געזאנגען
פון נשמות דאָרט געפאנגען —
פונקען פון אן אייביג פייער,
פארן חומר,
ברוט און טרוימער,
אויף פינטל ערד א קנעכטיש פרייער . . .
און ים —
רייסט זיך פון די ברעגן
מיט קאלטע כוואליע־נעגל.
באַרג טראָגט זיך מיר אקעגן
מיט האָגל און מיט שוועבל.
יאָגן שרפה פייערן —
טשאטעס הינט אין ווילד געיעג,
מחשבות בייזע אין געדרענג —
דעריאָגן, דערשלאָגן.
און איך זע
מיט פיינלאך ווי:
איך —
כלי פארן פלאַם פון עלעקטרע־שטראָם.

און —
ניטאָ קיין וואַלד
אָן פּלאַנץ, אָן בוים.
אָן שווערער נאַכט קיין העלער טרוים.
און שאָטן אָנ׳עם ליכט?
און אויב ניט שולדיק,
ווי קען זיין גערעכט?
און בינען־האָניק אָן א בין,
און פידלטאָן אָן וויאָלין?
און אַן עכאָ אָן אַ רוף?
קיין נשמה אָנעם גוף . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
בוים־סקעלעט פון ליכט פארשפּעט.
אויג פארשמעלט, פון גראָז, פארגעלט.
און גרוי געוויין:
א גרויל געשען —
דונער־קנאַל, הימל־פאַל.
א!
איז די זון פאַרגאַן אין טרויער.
געבליבן איינער א פארקלעמטער,
א פארפרעמדטער.
צוגעהאַקט דער טויער.



## לד

אוניווערס — לאַבאָראַטאָריע,
אויסגעשטראַל פון אַ גלאָריע,
איבער צייט און איבער רוים,
אויסן גבול פון טיפסטן טרוים,
אין מיין השערה, אין מיין השגה.
ווייט און ניט דעךגרייכט.
אין וועמעס חלום אויסגעטראכט?
איך — א יחיד,
באַטרעף, ווערט.
אַ טראָפּן,
אין דאמף פון דויערשאַפט באַקערט.
אַ שטויב אין קאָלעקטיוו,
מיט בוים, מיט זאַמד,
מיט הימל און זון צעפלאַמט.
דינסטער קלאַנג און ערד־מאָטיוו.
פון אויג אַ פינטל אין ריזיגן געהויער,
שאָטן פון אַ שאָטן אין אין־סוף׳עדיגן דויער.
איך גיי אום אין לאַנד
פון גליאיג גאָלד,
פלאַמיג קופער —
האַרבסטיג טרויער
נאָך קורצן דויער,
הימל אומעט, וואלדיג ציטער,
זונען־ליכט, שטערן־גליטער.
און איך בין אויף דער ערד,
אינגאַנצן.

ניטאָ ביי מיר קיין הימל,
שאָטנס טאַנצן.
פילט זיך פון מיר לייב,
שקלאַפן טרייב,
און גייציג שימל,
און חיה דרימל.
— — — — — — — —

— — — — — — — —

הימל איז מיט טרערן און מיט טרויער
נאָך ניט זאַט.
איך ביים שוועל שטיי,
אָנהויב פונם ערשטן טראָט.
און אלע אויגן ברענען מיט די פייערן ארויף,
נאָך אַ שפּעלטעלע צום ענדלאָזן אין־סוף.
זון, פּלאַנעט, פליענדער ראַקעט . . .
און ווי קום איך אַהער,
דו־ער, דו-ווער,
אין קעניגרייך פון בלי און גלי,
דאַרב און שטאַרב?
און וועמעס' אָטעם
וועט אומווארפן דיין שפּינוועב-שטיבל,
פאַרשיטן אין א זאמדיג גריבל.
און וועלכעס ווינטל
וועט אויסבלאָזן דיין פייער,
פון דיין חלום, צי פון דיין קאָשמאַר
ווערן דער באַפרייער? . .



# לה

האָב איך אויך געזען:
אויף גלאַרי־עלנט װעגן
בוימער אין פאַרצווייפלונג שטיין.
אָרעמס נאַקעטע ארויף צו שטרעקן —
לייז אוים פון אומקום־שרעקן.
בלאָזן ווינטן אין די גראָזן —
פייגל גרינהאָריגע אין פוצן ניט־דאָיגע.
לויפן ביימלאַך אויפן שליאַך,
גרין־נאָדלדיג, גלייך.
שטאָלץ, ארויסרוף.
זודיג דאַמף,
דראַנג צו קאַמף.
און כוואַליעט אויפן מזרח הימל
גאָלדן־זילבער טייך —
זונס פריידן־לאַך,
ציטער־גלי,
מאָרגן־פרי,
שפורן־פלאַטער —
בשורה רייטער.
פרישער אָנזאָג,
יונגער שטריט־טאָג . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
ס׳האָט דו־ער, דו־ווער
אַן איך פאַרטראַכט.
ניגון ברי, פליגל פלי —
האָב איך אליין געמאַכט.

אויבן-אונטן —
הימל-גרונטן,
אָן אַ באָדן, אָן אַ דאַך.
און —
צום אָנטאַפּן, צום אָנקלאַפּן —
אַ פאַנטאַזיע אויסגעפּראַכט,
פון שכל׳ס שכל אויסגעדאַכט.
און אָפּרייסן די אויגן
קען איך ניט פון אויבן.
פאר׳כישופ׳ט און פארציטערט.
הימלשע קאָלירן.
און —
עקזאַלטירטער שרעק —
איך זאָל דיך ניט פאַרלירן . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און —
דו גייסט מיר נאָך:
איך האַלט דיך א געפאַנגענעם,
פאר׳כישופ׳טן אין מיינע טריט.
ביסטו קליין און גרויס,
און שלעכט און בארמהערציג.
איז פול דיין פרעכטיג הויז
מיט קלאנגען רוישיג, מעכטיג.
און —
ציטערניש און וויי,
קרעכציג, קנעכטיג.
ס׳איז דיין וועג פון מיר געצייכנט.
אידייען דיינע, וועלט-באַנעם —
פאַרכמורעט קנייטש אין מיין מוח׳ס ברעם.
צי איך דיך פון קליינע שטעגן
צו ברייטע וועגן —

פון ווערמל צו עלעפאַנט.
האַלסטו זיך אין מיין שוואכער האַנט
מיט השגות דיינע, פּלענער און השערות.
פירן מיר זיך — אייביגקייטן,
איך מיט דיר געשמידט אין קייטן.
מיט מיר צוזאַמען וועלקסט און וואַקסט,
שטעלסט זיך אָפּ,
און ווייטער מאַרטשסט.
און פּנים דיין איז מיר ניט אָנצוזען,
און ראיה מיינע קרעמפּט אין ווייען,
פאַרצערט אין פלאַמען פון א זון,
דיין שטרענגן, גרויזאַמען גזר-דין.
און לאַנג נאָך איז דער מהלך.
צייטן ווייטע
אין נצחונות זאַטע,
פאַרקנוילט אין נעפּלדיגן רויך.
וועל איך אַראָפּ,
אַרויפקוקן צו דיר
פון תהום׳ען טיף, הימלען הויך?
אין קורס פון אונזער גיין
ווי וועל איך דיך זען,
ס׳פּנים דיינס און דיינע גענג?
בייטן וועט דער עצם דאָך אין דיר
צוזאַמען מיט דעם שנוי איבער מיר.
וועט עס פריי און קלאָרער ווערן?
צעשטראַלטע פרייד, פאַרהאַמטע טרערן?
צו אייביג שרעק, יאוש-האָפנונג געדראַנג,
שווערער פלאָנטער, געקנוילטע שלאַנג? . . .



# לן

איך —
פייעריגער שליידער אויף אימה׳דיגן גרויל,
צויבערדיגע שלעסער אין אָנהויך פון מיין מויל.
געזאַנג אין דראַנג:
ערד-הימל — פרייד געווימל.
שוואַרץ און גרוי —
ראָז און בלוי.
און וואָס סע איז שטויביג, שוואַך —
פון חכמה אַ דערגרייך.
דערנידעריגט, פאַרשקלאַפט —
אַ געניע באַשאַפט.
איך — פאַרמיר, מאָדוליר
אַ דו-ער דו-ווער-פערפעקטן,
אין רוימען אויסגעשטרעקטן,
אָן גרענעץ, אָן וואו,
איבעראַל, דאָרט איז — דאָ.
אינם רוימען-היכל
שוועבט אליין-הערשער,
א שכל,
און אין — און אויסגעשטראַל,
אין אַלץ און איבעראַל:
גאלאקסיעס, נעבולאס,
ליכט און חושך שטרעקן
אין אַלע ווייטע עקן,
אין זונען און פּלאנעטן.
מיט באַפעלן, מיט דעקרעטן,
דינים און באַשלוסן,

גזרות און פרידן־גרוסן.
אויך איך איז ניט פֿאַרגעסן
אין פֿראָגרעס פֿון פּראָצעסן.
דאָ זיינען מיר ביידע,
אין ממשות׳דיגן צאָל.
דו — די איינס,
איך — די נול.
און —
איך, דו־ער —
אין פֿאַרמעסט,
פֿון באַשאַף,
אויף ערשט און לעצט.
אָ!
אין שעה קילער,
מיט תפלה שטילער —
אַ דו־ער, דו־וועד אויסגעדאכט.
קראַפט און פּראַכט,
געבליצט אין צויבער־רעיון,
גייס׳ט, יש־מאין.
אוועקגעשענקט אים גאָר די וועלט.
שר געמאַכט איבער היץ און קעלט,
הונגער, ברויט,
לעבן, טויט.
געגעבן מאַכט אים איבער זאָמען,
וואולקאנען, עלעקטראָנען.
פּראַכט און גלאַנץ!
און פֿארן אורטייל —
העכסט אינסטאַנץ:
פֿאַר זיין אומרעכט, פֿארן גרויל —
ניטאָ קיין שופט און קיין גואל . . .
דו־ער, דו־וועד —
מיך־איך, אין גלאָריע פֿאַרטראכט —

א געשפּענסט געבראַכט,
קאָשמאַרדיק געדאַכט,
ווינטל־הויך אין לאַבירינט.
ווער ווייס פונוואַנען און וואוהין.
חומר,
פון בליץ א שפּריץ,
רגע׳דיק דערשיין אין פינסטערניש אריין.
שקלאַף אין געראַנגל מיט באַשאַף.
ווילן־שוואַך, פאַרלאַנגען־רייך.
הילפלאָז קינד, קערנדיק מיט זינד.
און רו, פרידן זוך
געוואָרצלטע אין האַס.
און מתנה, ברכה גיב
פאַרגיפטעטע מיט כעס.
ווארים —
איך — געמיש:
אינסטינקט און אינטעלעקט,
פאַר קרבן געשיקט
און צו אכזריות געוועקט.
און זע:
קערן האָט זיין עפּל איבערשטייגט —
מיט פּירות צאָללאָז
אויף בוים געדיכט באַצווייגט.
איך —
דו־ער האָט איבערטראָפן,
אַ באַשאַפער זיך באַשאַפן,
אָן אייביקן, אומענדלאַך,
מיט און אָן א סדר,
געצאַמט און אָן א גדר,
איבער צייט און רוים.
געבאָט!
דעם גרעסטן נאָמען דיר געגעבן —

גאָט!
דעם שענסטן?
ניין!
דיר איז ניחא גסיסה אין פארגיין . . .
אין מאסקאראד —
פון בייזער קראפט אויף מיר מיט שלאַכט —
דער גרעסטער מאָנסטער אין פאַראַד
ביסטו, אָפן און באַהאַלטן,
אויף א בריאה אומבאַהאָלפן.
און נישטאָ קיין חשבון, קיין באַלאַנס.
גזירה אָן ברירה —
פאָראויס, עקספּאַנס,
שפרייטן, מערן,
צעל אין סומע
פאַר אַ טרונע.
און ווען איך רעוואָלטיר:
אין מלחמה פיר
חילות מיינע, רעגימענטן,
המצאות, אינסטרומענטן,
פאַר באזיג, באַזיץ
כוחות שעפערישע צו מיין באַנוץ;
אַטאַקיר אַטאָם,
אין פאַרמעסט מיט תהום, —
איז דאָס דאָך אויך לויט עמיצנס געבאָט.
אן ערנסט, צי א שפּאָט? . . .
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך — וויזא דיר.
געפּעכט,
געוועט-געפלעכט,
מיט געצייג, מיט געווער,
ווער ס'איז ווער.

מילב און ריז אויף קאַלכאויוון וועג,
פאַרקוילטע נעכט און טעג.
חיות׳דיג עסעניץ
פליג אין קאָנקורעניץ,
וועלטן, רוימען שאפער —
און א שפּל, אימיטאַטאָר.
אימיטאַטאָר —
און פון אַלמעכטיגקייט באַשאַפער!
— — — — — — — —
— — — — — — — —
און —
געמיינט האָב איך:
דאָמינירנד איז דער גייסט,
שטייגער, וועגן מיר באַווייזט.
איז חומר בעל-הבית,
פון פיין און צער טיילט מיר צו די מאָס.
פלי אין הויכן דיקטירט,
פון רוים אין תהום׳ען ציט,
פאַרשטאַנד מיט ספקות רייסט,
הענקער איבער גייסט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך —
בלאַסער שאָטן,
ביים קלענסטן שיין
אין נישט פאַרגאן.
טאפּ, פארצווייפלט האָף:
גאָט-באַשאַף,
ניט ערדלאך,
רוימיג, אומשטערבלאך.
און חלום שפּון,
פריידיג, פריי.

פאראַן א זין
אין וועלטן ניי.
און שרעק אין מיינע אויגן,
באוואונדער, עקזאַלטאַציע —
אַזאַ נאָענטער באַזונדער,
איינפאַך־פלאָנטער וואַריאַציע.
קראַפט —
אויף שטויבן זיך צעוואָרפט,
אין טונקל אויסגעדאַכט,
פאַרדרענגלאַך, פאַרגענגלאַך,
געפאַנגענע אין ספקות,
באַטרונקענע מיט דבקות.
איז פינטל־ערד —
מזבח,
און דער קרבן —
איך —
מיט געזאַנג —
למנצח!
עמיצן א נחת־רוח . . .



## לז

טיפע נעכט, קלאַרנעטן־קלאַנגען,
געזאַנג פון קנעכט אין דער פרעמד געפאנגען.
זון איז נאָך אמאָל געגאַן
אין גאָלד און פורפור שיין,
מיט כישוף׳דיגן גלי,
רוימען־טרוימען צי.
מתנות אין דער לופט צעוואָרפן – –
אַלערליי קאָלירטע שטאָפן.
זייד און סאַמעט —
פאַנטאזיע צינדער,
מייסטער וואונדער.
טייכן — ראָז צעלויכטענע,
פליגל — זילבער אויסגעגאָסענע.
און לעמער, הירשן, אויסטערלישע פיש.
רייך געדעקט קעניגלאכער טיש.
און שטענגלאַך שלענגלען אויף מיין וואַנט
מיט בלומען רויט.
גליט אַן אויפשטאנד אינם גאַנג
צו לענדער ווייט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איבער פעלד און שטאָט
לויפט פייער־רוט
פון ברוט־אַבסאָלוט:
שפרייט און מער,
פארגיי און ווער.
און ערגעץ אנדערש

ווי אין דמיונ׳ס רוים
זע איך ניט די נעפּלען
פון קאָשמאַרדיקן טרוים.
פריי געלאָזטע דמיונות
גליען אין רוימיגע חזיונות,
אַריבער גרענעצן פון ברויט,
פרייד פון ליכט, אַנגסט פון טויט.
און איך זאָג:
איז דאָ א וואָג,
און צאָל און מאָס,
אַ ווי, א וואו,
און א פאַרוואָס?
זאָל עס זיין,
ניטאָ קיין פּלאַן?
איך קלער
מיט ברי פון טרער:
איז עס שטיין
דען געווען —
מיך געשמידט
צו טאָג און נאכט
און —
פון דינאַמיט —
אליין געקראַכט,
פון וועם פאַרלאַכט?
און שניידט דער וויי:
געווען זיינען מיר דאָך —
איינס און צוויי.
איך — ממשות,
דו־ער —
מיראַזש פון וויזיאָנער.
און איך פאַר דיר —
בית המקדש אויסגעבויט,

אין אייביגקייט, ליידיגקייט.
אלע סודות דיר פארטרויט
פון רוימען-אוניווערז,
מיט מאכט און קראפט.
אליין —
געבליבן בין אויף וואקל-וועגן,
מיט שרעק אין אויגן
און שטוין און גאפט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
זעסט:
פארצווייפלונג טראָגט זיך,
אָפגעריסן פון א קייט
מיט נעגל, ציינער,
העלזער בייסן גרייט.
פון א וויסטן חלום אויפגעריסן,
מיט פייער-ריטער לייב צעשמיסן.
גדלות'דיג באשאף,
אין קלעם פון אומפארדינטער שטראָף,
טוליעט זיך צו קלויסטער, שול, מאָשעי,
אידעאַלן, שטראַלנדיגע קוואַלן,
נאָך שוץ פאר יאוש, צער און וויי
מיט הימל-טרייסלדיג געשריי:
תכלית,
ציל,
א יום-האַחרית!
— — — — — — — —
— — — — — — — —
וואסער שפריץ אויף פלאַם פון זון.
דערפריש-פאַנטאַזן טראָפּנט קיל
אויף גראָזן שמאַכט מיט אָטעם שטיל,
אין דערוואַרטונג — א פארלייכטונג,

פון א הימל אין אפאטיש דרימל.
און איך פיל —
נאָענט איז דער ציל:
אין אָטעם, וועלן־וועב פון ווינט,
צאַרטן הויך פון אַ קינד.
גאַרדינען ווייען, לייכט צעכוואַליעט,
מיט א שפּעלטל, ברעקל פינטל —
דיין גאָלדן־זילבער ליכטיג שמייכל.
זון־לבנה שיין
טיף אין הארץ אריין.
פריידיג אָנזאָג אויף קלאַוויר:
איך מיט דיר.
די גאַנצע צייט בין איך דאָך דאָ,
ביי דיין זייט, אימער־צו.
און דו מיך זוכסט ארום
אין טיפן און אין ווייטן.
און איך בין אומעטום,
אָן מראה, אָן דאַטן.
גיב מיר איצט דיין האַנט.
פון היינט —
איך און דו באַנאַנד.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
הימל איבער מיר —
טונקל־אייז.
און העלער רים —
געהיימניספולע טיר,
צו א הויך, אויפגעשטראַל,
אין לופטיג רוימען סודות־זאַל.
אויפן דעק פיינלאך שרעק:
און ווי וועט זיין,
ווען אין אנטפּלעק,

דערגרייכטן שיין
פון העכסטן סוד,
פון גרונט יסוד אין סאמע הארץ —
א שווערע לער,
א תהום,
גאָרניט מער,
קיין דו, קיין ער? . . .



## לח

הייל.
גראבלען נעגל,
קריצלט הארטער שטיין
אונטער מידן שנאָבל
פון נאכטיגן געוויין.
בלינדער פויגל אין פעלז געשליידער.
בלוט רינט,
ערד פארשווימט.
דו-ער, דו-וזער —
שטיל געשווייג,
פייער רוט אויף תפיסה-שטייג.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
נאַכטיגער נאָג —
חשבון, מאָס, וואָג.
געדריי אין פיין
זאָל תכלית זיין?
זון — פייער
אינם אויג,
שרפה,
וואַלדיג וואָי,
מגפה.
קאָפּ געניג צו וויסטער ערד,
פון חומר-שטיין באַשווערט.
פון בלינדער האַנט
צוגעשפּארט צו וואנט.
איז תפלה אין יאָמערלאך שלוכץ:

דערבאַרעם.
אָפּקום-שטראָף —
פאַר וואָס'ער סוף?
איך בין אין מלחמה
אויף זיך געגאַן.
מויל-שלעסער געשמיבּט: 3
פאַר מיינע גלוסטונגען —
„ניט — ביז בלוט".
גליד נאָך גליד געריסן —
אַ קרבן צו אַ נאָמען —
מאָנענדיג געוויסן.
מיין אייגענער וועכטער,
פון געדאַכטע פריידן אכזריות'דיגער שעכטער.
אז פון לופט אין זומפּ פאַריאָגט,
מיט גראָזעדיגע שוועלן.
גרונט פון מיין געצעלט —
אונטערערדישע טונעלן.
קדיש איז מיין חבר
און שטומע בייזע שלאַנג.
אייגן איז דאָך מיר
פויזענדיגער קלאַנג.
איז מיין טראַנס-דערוואַך
תפיסה'דיגער דאַך,
גיהנום'דיג פארטראכט,
פאר גרוילקייטן געבראכט.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
א לעבן-בונד באַשלאָסן —
מערכה אָן פאַרדראָסן.
איז —
מיט האַסט און וואוט
שוואונגט דו-ער דעם קנוט.

און מיינע ליפּן, אין פּראָטעסט,
מיט אכזר קנאַפּל צוגעפּרעסט.
האָפענונגען, פאַרלאָשענע,
אין בלינדע אויגן קלאַמערן, אויערן
פאַרשלאָסענע.

מיט אַ שלאָס —
אויף חלומות ניט געבוירענע,
פאַרשפּרעכנס ניט געוואָרענע.
בריק אין אנטציק —
אויף צעפוילטע שטריק.
צוזאָג — קרייצוג.
קרעמפּיגע מאַכט —
שרעק פון נאַכט,
ווילד, באַזויפן,
שייטער הויפן,
מיט גיהנום מויל,
שווידער גרויל.
משוגעת כאַאָס.
איינס, צוויי, דריי, פיר —
דעם 'זויפילטן אַהער.
ווארט אויף אים א קויל ביים טיר.
פון אייגן האַנט א גרוב פאר דיר.
וואַנזין לוסטיג הוליעט,
פון פעלז אַראָפּגעקוליעט.
פון סאמע אָנהויב, פון אלעף,
געשטעלט געוואָרן איז דער חלף.
מיט באַפעל:
בארג און הייל,
גוף, נשמה —
איין אורטייל,
אָן נחמה.
איז מוח אָנגעשפּאלטן,

גערערנג, מאַנסטערשע געשטאַלטן.
לבנה, א צעבלוטיגטע, אין קאַנוואולסיעס ליגט,
מיט אן אויג, א וואנזיניגס,
אויף בערגלאך, גריבער בליקט.
און עמיץ, א דערצאָרנטער,
אין ווילדן כעס שפּרינגט:
א מעסער אין די ציין דערלאנגט אים —
ער'ט קלעטערן,
שינדן פּאַסן פון דער זון.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
הערצער, פאַרציטערטע, נשמות, צעשראָקן,
אין מדבריות לויפן —
רו אין יסורים קויפן.
פייניגט מען לייבער
אין פייער-געשליידער.
אבער נאָר אבער —
אין פינסטערן קבר.
און שפּאָט, גאַליקער, רייצט
מיט געלעכטער-געפּליין:
ניטאָ וואָס צו יאָגן —
ליכטיקסטע ווערטן ענויים פאַרמאָגן.
אין אָנטרייב — קלייב:
פּערל צעשפּאָלטענע,
פונקען צעטראָטענע.
הוליע און טוליע אייביגן גרויל
פון האַנט און פון מויל.
הייסע ווילדקייט ברענט
אויסגעשטרעקטע הענט
נאָך סמ'יג געטראַנק —
לעשן דעם באַנג.
מ'איז איבער שלאַכן געלאָפן.

מאַניאַקן.
ווילדע פאַרלאַנגען געטראָפּן —
בוימער אין וואַלד־פייער קנאַקן.
הימל קוקט אַרונטער —
פלאַמיק־צונטער,
אין אָרגיע פאַרזונקען,
פון בלוט אָנגעטרונקען.
מ׳האָט אין פּוסט אַריינגעשריגן
און אָן ענטפער געבליבן.
ס׳איז קול פאַרגאַן אין הויל,
אין א הימל — שוואַרצע קויל.
איז מען אין הייל געשטאַנען,
קיין אויסוועג פאַראַנען —
הענט און פיס געבונדן,
אויגן פון חשכת געצונדן.
פלעדערמויז איבערן קאָפּ
פּחדים שפּינט
מיט פליגל־פלאָנטער,
אנגסטן־פלאָטער.
פאַרשטיקטער יאָמער קרעכצט אַרויס,
צעשראָקן פּיסטשען פון געכאַפּטער מויז:
„וואו איז ער־ווער?״
עכאָ ברענגט צוטראָגן
נעפל בת־קול פאַר די קלאָגן:
„עזר, א דערלייזער?״
דערגאַן דער טרויער
צום פאַרהאַקטן מויער.
דערהערט, פאַרנומען
צער פון צעפליקטע בלומען.
וועט קומען, מיט באַשייד.
פאַר די טרערן־העלע פרייד.

ווייטער וועג, תהום׳ען-בריק,
מיט פיין און ווײ פון טיפסטן שניט,
מיט בלוטיג אָנזאָג פון שטומסטן גליק . . .



## לט

האָב איך אַ שפּילכל דערטאַפּט:
אַנטדעקט, דערפֿינד,
אייביקייטן שפּון.
אָטעם שאַרף פֿאַרכאַפּט,
אין אילוזיע פֿאַרגאַפּט.
פֿריילאַך זיך געמאַכט,
אויף אַ קול געלאַכט.
ליכטער אָנגעצונדן,
דמיון אָפּגעבונדן.
כּוחות איינגעשפּאַנט,
פּאַלאַצן אויפֿגעראַמט,
שפּיגלדיק, בריליאַנט.
אויג — אין פֿינקל,
מיידט דעם טונקל.
יום טובֿ גלאַנץ,
יובֿל-טאַנץ.
קינדער-וואונדער:
רויט און שוואַרץ, בלאָנד, ברונעט.
אויגן צוגעמאַכט,
חלומות אויסגעדאַכט.
קלאָר ניט געווען —
אויף אַן אמת וואָס געשען.
טאַנצט מען פֿאַר פֿרייד,
פֿון כּישוף קאָפּ פֿאַרדרייט.
פֿאַרלאַכט מען אויף דער וואָך
בייז חלום פֿון נאַכט?
מ׳האָט בלומען געריסן,

געטראנקען געגאָסן,
פרייד־טשאַד געגאָסן.
אז סע איז נוצלאָז געווער —
ניט ווערן זיך מער.
זאָל עלנט יאָגן, פארצווייפלונג טראָגן.
אויף שטורמיגע ים׳ען, צו תהומ׳יגע טראָגען.
אויס געבעט, אויס האָף
פאר באַשייד, א סוף.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
דו־ער, דו־ווער!
קייקלט זיך אַ טרער
אויף צעקרימטן פנים
צו גרונטלאָז ברונים.
אלע ווינקלען אויסגעקוקט.
אומזיסט געזוכט —
א האנט, אַ וואַנט.
. . . שטיל.
הימל און ערד,
שטערנדיג אויבן,
טיף־בלויע שויבן.
זיידענער זוים,
פאר׳חלומ׳טער רוים.
טויערן צו,
ס׳קיינער ניטאָ.
איך בין ניט איך,
אויסער, אין זיך.
ניט טאָג, ניט נאַכט.
טראַנס, א געדאכט.
אויף וויגנדן וועג
געהיימניספול שוועב —
קלאנג פון מיין זיין

אין בוי־ליד אריין.
הויער און דויער,
נשמה־באַנג טרויער —
אייביג געוועב,
אומענדלאכער וועג —
איין קליינער מאָמענט,
א רגע אַן ענד . . .



## מ

איך —
אויף נאַקעט ערד, אין שטויבן,
האָב אין דמיון שנור געצויגן — אויבן.
וועג געשפּרייט מיט וויזיע־פּראַכט
אין גאַנג פון זונען־וועלט געדאַכט.
מענטשן־אָטעם ציט
מיט סודות אין די טריט.
קלאָרע וואַסערן אין פעלזן קוועלן,
שטיל געזאַנג, נשמה־טרעלן.
און, וואָס אין ערד אריינגעוואקסן,
ציט צו הימלען.
און אין אויגן —
קרישטאָל צעפּלאָסן —
וואונדער ווימלען.
שווימנדע פּאַלאַצן
אויף הימלשע פּאַרנאַסן.
מחשבות גרויע, אין שווארצע זוימען,
באַגילדטע פון העלע טרוימען.
און —
ווייי צו מיר!
מיט א פארמעג אין שאַצנקאַמער:
טעג און נעכט פון אימה־שטונדן,
צער געגנערט פון נשמה־וואונדן.
לייטער־פלעכט, שטיגן־דוכט —
שמעטער, אָפּגרונט פורכט.
מיין חלום־טורם
באַדראָט פון שטורם.

אזוי פיל ציען וועגן,
בענקשאַפט אין מיר רעגן —
צער, יאוש׳דיג באַגער,
שווערט מיט זודיג טרער.
ווילד געדרענג אויף זומפּן-וועג,
כוואַליע שטייג, משונה׳דיג זיגזאַג.
טונקליע שאָטנס וואַנדערן
מיט לאַסטן, שווערע פאַרבן,
אויף דרכים אָן יסוד׳ן.
אין געפאַנגשאַפט ביי דער נאַכט
דערשלאָגן בעט דאָס וואָרט:
אויבן-אונטן,
הימל-גרונטן,
פייער צי,
נשמה ברי!
באַפריי . . .
פון טיראַניי . . .
ערגעץ אָטעמט שווער,
דו-ער, דו-ווער.
שפּרייט א נעץ
פון שאַרפע קאַרבן,
פאַר געפאַנג —
בלוט-שוואַרצע פאַרבן,
קרעציג בלאָ, שרעקיג גראָ.
שאָטן שושקעט ביי דער זייט:
שאַפער-כאַפער הויך שוועבט,
אין וויטן וויט,
בלינד און טויב
צו פיין פון שטויב.
און אויגן פאָרשן פאָרהאַנג,
מוח-שפּיצן אומגאַנג.
וואַך.

אורזאַך.
טייל פון הייל?
גאַנץ אין גלאַנץ?
דערהויבן, פאַרשטויסן
אין אינערן אין דרויסן . . .
פון א סדר אזא.
כאַ!
ס'א ביטערער געלעכטער.
עפּעס,
עמיץ — תמיד דער גערעכטער . . .
— — — — — — — — —
אינם טראַנס איך גיי —
דיינס א צוויי.
טרעט דעם וועג
פון דיין באַוועג, שותף מיינער,
דיינע טריט אָנצויאָגן.
אין פאררעאט פארגעסן.
אינם בוך זיך איינגעגעסן.
אונזער בוך, מלוה מיינער,
דיינע אויגן אָנצוטרעפן.
און איך בלעטער.
ווייס איך:
שטייסט געבויגן איבער מיר
פון דיין הויכן קלעטער.
בריט דער אָטעם שווער,
טריפט א הייסע טרער.
און צו וואָס דאָס שלוכצן . . .
נאָר ניט פארשרעקן דיך
צוריק צום אויסגאנג, צו דער טיר,
מיט א וואָרט, א ריר . . .
חלום, וואָר?
אזוי בולט, אזוי קלאָר —

דו־ער, דו־וועָר.
שטראָמעדיג אין פלאַם,
היות׳דיג אין זאַם,
אמת׳דיג אין וואָג.
דיין פארמעג איך טראָג,
מיט פייערדיגער גלוסטעניש,
מיראַזש געשפּענסט אין וויסטעניש.
ניט אָנגערירט,
אַנגסטלאַך פּנים דיר באַטאַפּט,
אויגן פיבעריש געפּאָרשט.
דו אין רו,
נעבנדיג און ווייט,
בלאָנדזשעסט איבער מיר,
אייז־קאַלט געפּריר.
ווייט און פרעמד,
קיינמאָל ניט געקענט . . .
פאַרנומען —
אין זון־פּלאַנעט סיסטעמען,
כישוף׳דיגן גאַנג פון האַרמאָניע קלאַנג.
און געבליבן טויב
צו וויי פון שטויב,
זיין געזאָלט
אין דיין געשטאַלט . . .
און געיאָמערט האָט אין מיר
א פאַרצווייפלטער געבעט:
פארטרייב דעם וויסטן חלום,
אַנטפּלעק דאָס וואָרט פון שלום
צווישן מיר און דיר
מיט דיין צויבערלאַך באַריר.
פארלאָז דעם לערן תהום,
וואו שכנ׳ישער איז דיר
אַ פאַרהוילטער טרוים.

קום אראָפּ אהיים,
צו ערד, צו פלייש, צו ביין.
באפריי פון שווערן טוך
דאָס ניט פארענדיגט בוך,
וואו פארצייכנט זיינען נאָר
וואונדן, טרערן, ליידן, —
ווען נאָך בלעטער מער
געבליבן זיינען לער
פאר ניט געטנוסטע פריידן . . .
געזוכט א פונק,
געגאַרטן וואונק
אין רוף צו מיין געבעט.
אומזיסט.
קאַלטע, ווייטע טריט,
מאַיעסטעטיש שטייגן,
פארעכטערלאכער שווייגן . . .
פאַרטאָן אין גאזן, רחות פון מיאזמען.
שטייט פאר מיר דיין מראה ווייט,
נעפּלדיג פארבאָרגן,
אין מילי-מיליאסנדיגן מאָרגן.
פאַרהוילן פון די שטויבן
איז דיין טיף דערהויבן.
דיין מעכטיג קראפט פעלזט אין גאָרניט,
שטאָל געפאנצערט אַין,
אומדערגרייכט פון רעיון,
מיין איינציג מעכטיגן כלי זין.
און די טרעפן,
וואו איך גיי דיך טרעפן:
רוים און צייט דימענסיעס,
עפיר, מאַטעריע, ענערגיע —
אימאַזש, מיראַזש,
זויפּן-בלאָז,
אויפגערידער אין אַ גלאָז . . .



## מא

זון מיט שווערע פארבן בריט —
בראָנז און קופער און שטאָל צעגליט.
איז אָוונט צוגעפאַלן מיט מאַטע פאָרהאַנגען,
כישוף פון שטערן, מיסטעריעזע געזאַנגען.
אומעט און בענקשאַפט רייסן זיך הימלען
דערלאַנגען.
עמיץ איז אין צוואַנג פון צער:
אין וויזיעס פאַרקלעמט,
אוממעכטיג צו געשטאַלטן —
פאַרב און קלאַנג אין געהיימנישן פארהאלטן.
רעטעניש, תהומ׳ען־טיפעניש,
מיט סודות:
געשאַנק און חוב, פלאַטער צו דערהויב,
און שטראָף־מתנה —
ווער׳ס כּונה,
משונה׳דיגע מאָס:
פריידן קורץ־אָטעמדיגע, רגע׳דיגע,
פיינען פארפונדעוועטע, לאַנג־שטח׳דיגע.
נעפל־געשפענסט, אַן דערקלער.
אַ דו־ער, דו־ווער,
ווייט אַוועק פון מיר,
עפּעס דאָרט א מין,
פאַרלאַנגענדיג א זין.
און איך מיט דיר —
קלאַמערדיג אינטים,
תמיד טעט־ע־טעט,
אין דערוואַרט:

אָט-אָ, סע וועט . . .
און בין איך —
עקספּערימענט אין ברען-לאַבּאראַטאָריע,
שרייענדיג בלוט פאַר א בלינדער גלאָריע.
אין טוך, לייב-קאָליר,
באַמבלט לעבנסלאָזע האַנט,
ארויפגעפּלעקט אויף גלייכגילטיג געוואַנט.
עמיצנס׳ א קונסט-בילד,
וואונדער,
פון א הויכער ווייט.
אייטערדיגע מכה —
נאָענט ביי דער זייט.
און ציעשמאָלצן קרעמען קאָכט מיט ווייסן שוים,
אין שטורם אויפן ים,
ווילד-געשליידער אויף מיין טורעם,
אונטערגראָבער פון מיין שטאַם.
ארום — פאַר׳כישופ׳טע וועלטן,
אויף פרייע האָריזאָנטן צוויבער-געצעלטן.
איך בראָדזשע אין ים,
פיש זוניגע האָפענונגען
אויף האַרבסטיגן פאָן.
שיפל איינאַזם שווימט,
אַקעגן — גאָרניט קומט.
טעג — נאַסע טראָפּן
פון שטורם אָנגעלאָפן.
אין היילן, ציעשראָקן,
גרויע סילועטן,
שאָטנס פון סקעלעטן.
און ווי איז דעם גרין
פאַרשטעלט פון דער זון.
און פייערם ברעכן אוים,
שרפה שוואונגט אויף ערדנהויז.

איך —
אַש פון חורבן עסט,
אויף דער ערד מיט איוב׳ן געזעצט.
שלינגט ווייטאָגדיג געזאנג
פון יסורים און פאַרגאַנג.
און שפּל בין איך, קליין.
פינסטערנישן אויף מיר גייען.
און קייט ביז בלוט איך ביים
אונטער קהלת-בייטש.
און שפּין אַ נעץ מיר וועבט,
און שטויב מיין לייב באקלעפּט.
אָ!
אָפּגעפּליקטער בלאַט
פאַריאָגט און נע-ונד,
געטראַמפּלט מיט די פיס
פאר עמיצנס געזנס . . .



## מב

אינמיטן נאַכטיק וואַלד
געהיימניספול געשטאַלט
אין לויטער דורכזיכט געזעלט.
העל און קלאָר באַלויכטן:
געווען איז בלויז אַ דוכטן,
סע קיינער ניט געשאָכטן.
גרינע טייכלאַך קוועלן
איבער גאָלד,
ריין געוואַשן זאַמד.
פלי און זשום,
פיפס און הום:
פויגל-טאַנץ
ארום צויבער פלאַנץ
אין לבנה גלאַנץ.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
איך איז אויפגעשפרונגען
מיט אַן אימפּעט, מיט קוראזש.
ער ׳עט זיך ניט לאָזן
פון מדבר-ווינטן יאָגן.
אימאַזש-מיראַזש —
הימל-שטעג,
צו אוצרות-פרייד פארמעג.
מיט די פיס געטופּעט,
היסטעריש קאָנוואולסיוו געכליפּעט:
גרונט — פעלז, אייזן-פעסט,
בנין — פּראכט, מיט זאָרג באַוואַכט.

אָנגעשפּאַרט ס׳פּערד
צו ווילד געריס אויף ערד.
גריווע — שטורמווינט,
קלאָען — פלאַם-געצונד.
האָפּ!
אין גאַלאָפּ.
איבער דעכער,
פון צוימען העכער.
אָטעם אין געוואַג פאַרהאַלטן.
צו רעגנבויגנס שנעלער רייטן,
מיט צוים-געבים, שליאַך-געריס.
פּעגאַס —
צום פּאַרנאַס!
צויבער-גלאַנץ, כּישוף-קראַנץ.
וואונדער-בוימער, עקזאָטיק-דופטן,
מיט געזאַנגען אין דער לופטן,
היים מעלאָדיש,
אין בענקעניש פאַקלערט,
אין ערגעץ נאָך געהערט.
פריידן פיל, פויגל שפּיל.
שטראַליג שמייכל אין וואַסערפאַל.
און דער פידל אויפן פּעדעסטאַל!
נשמה-דראַנג אין סטרונע-קלאַנג.
פיבער-גלעט אויף שוואַנען-האַלז,
גראַציע-שוועב אין פייען-וואַלץ,
סוד׳יג מורמל אין באַסיין,
אויגן-שמייכל, רייציג חן.
צויבער-ליכט, פינגער-פלעכט.
שאָטן-רו, מיסטעריעזער שווייגן
אין זון-געשטראַל אויף פרישע צווייגן . . .
איך —קראַפּט.
איך — שאַפט.

דלאָט, פּייל און האַמער
האַקן פעלזן-לייבער.
ביז שטיין געקריצט האָט מיט די ציין,
געשמייכלט און פאַרקרימט זיך אין געוויין.
וואונדער:
אויף בראָנז, גראַניט — עמאָציע-שפּיל,
מיט געדאַנק, מיט געפיל.
איך —
סודות טיפע פון דרימל וועקט,
מיט צויבער האַנט קראַפּט דערקאָנט.
איבער לייוונט פאַרבן פריי צעפירט,
מיט פּינזל קונציג אויסגעצירט —
בליען בוימער, גליען בלומען
פון וואַלד און גאָרטן איינגענומען.
זון געפאַנגען, תהום באַהאַנגען
מיט פלאַמיגע געזאַנגען.
שטיי, טאָג זאָל זיין!
ליכט אָן נעכט.
און וואַסער-שפּריצן זינגען אין פאָנטאַנען,
ראַנדעוואו פון שוואַנען און פאַזאַנען.
איך — מאַג,
קלעטער, וואַג.
זיך אָנגעקליידט אין נשמה-הויטן —
לעבנס נאָך ניט שפּראָציגע
און לאַנג-צעבליטע טויטן . . .
אויף א בינע —
ווייטאָג פריידיגע נגינה.
היינט אין וואונדער-נעכטן אויסגעשפּינט
פאַר מאָרגן-צויבער אויסגעזונט.
מיט א שילד אין פלאַטער:
באַפריי זיך פונם מאַטער.
מייסטער,

הערשער איבער גייסטער,
וואָג, טיף און הויך:
רוימען-שיין, אייביג זיין!
איך —
שטילער שטראָם,
רואיג פלוס, פאַנטאַנען שפּריץ.
קאָכיג ים,
וואולקאַנען-זיד, פייער-בליץ.
פרימאָרגן —
צויבער פאַרבן פון פאַרבאָרגן,
אין קלאַנגען באַהעפט,
אַט, נאָר וואָס, העל-לויטער אנטפּלעקט.
טאָג —
פריידן באַנגען,
פון אינגסטן פרי גיסן זיך געזאַנגען.
אויף קול, אינסטרומענט,
אַנטציקטע אויגן, צערטל-הענט,
באַנייט, באַפרייט פון תפיסה-ווענט.
שטורמיג ים רואיג אויסגעדאַכט
אין לבנה-נאַכט פאַרטראַכט.
א כישוף-שטאָק אין האַנט באַקומען,
אויף וואונדער-וועגן זיך פאַרנומען.
אַ מאַך —
צויבער-וואַך:
מוזיק, געזאַנגען,
פאַנטאַסטישע געשטאַלטן פון הימלס׳ קלאַנגען
וועלטן.

פעלדער, וועלדער, טייכן
טאַנצן אום און לאַכן.
און ווייטאָג, צער — פרייען,
אין אימה — פרייד געזען.
שטראליג וועג-גערייץ,

נשמה-רוף פֿאַרפּלייץ.
שעה׳ן ניי געבוירן
אין טאָג פֿריי געוואָרן.
שמערץ-ווייִ, העלזע . . .
קיינמאָל ניט אליין
אין רוים רעפּריין.
יעדער קער און בויג
אין קלאָרן שפּיגל-אויג,
אין מוח איינגעטונקען,
אין נשמה-טיף געזונקען.
ברויך און שטויב ארויפֿגעהויבן
צו א ריינעם פֿלאַטער-גלויבן.
נשמה׳דיג באַזוך באַצווינגט דעם מאַגיק-טוך,
אַנטפּלעקט דעם צויבער-בוך —
ספר פֿון די ספרים,
עקר פֿון עקרים,
מוח פֿונם כוח.
אָטעם —
פֿלאַמיג, הייס,
קאָכעדיג „איך ווייס" . . .



## מג

. . . פעלז.
איבער ים געבויגן.
מעכטיג פליגל פון ריזן־פויגל.
אין טרעפן צו אַ הויך
אין פאַנטאַסטיש רויך.
מיט וואַלד און גרינס שטייגן
פון באַפוצטע צווייגן.
מיט חיות, פויגלען,
נעגל, ציינער, שנאָבלען.
מיין שיף — אויף כוואַליעס,
הימלישע הועיות.
ציטער און צאַפּל
אונטער שטורם קנאפּל.
אין שטראָם צו תהום,
צי נאָך רוים.
און איך.
ליפּן פאַרקלעמט, אויגן צעפלאַמט.
טרעפּ אראָפּ, טרעפּ ארויף
צו אין־סופ׳יגן סוף.
באַרג איבער באַרג,
וואַלד אויף וואַלד —
קלעטער.
און איך.
איינס פון די בלעטער.
אויף א שפּיץ,
א פונק פון א בליץ,
אויף קנאַפּע רגע׳ס,

קרבן צו נגע׳ס.
הענט צעשפרייט פאַר הימל־פלי,
מאַגנעט צי,
היעראָגליף, טיפסטע טיף . . .
און רוישיג איז דער גאָרטן ביי מיין טיר,
ברויזיג שווייגנד, אָן א ריר.
פאַרשטילטע גרינען בוימער אויף אַ קול
מיט ריחות פון א דופטן קוואַל.
און קוועלט א בענקשאַפט פון מיר נאָך דיר,
ווען רוישע שטילקייט רוט אין מיר.
נאָך אויגן־טויבן, חסדים דיין,
אין ברעמען שווערע,
סאַדיסטיש פיין . . .



* * *

. . . רויש, באַוועג —
אין שלאָף פאַרלעג.
רוים קלערט,
אַנט פון ערד.
ווייט אַוואו,
אין שטערן-בלאָ.
געדוכטער רוף
פון לערן אָפּ.
דעמער-שוועב,
געהיימער וועב,
אין טויער פאַרמאַכט,
חלום פאַרטראַכט.
פעלז איז גרוים.
הימל — העכער.
וואונדער-געוועב
צעשפּיזט אין לעכער.
לויפנדע שטערן פאַרטרויערטע הערן:
„איך״.
אין שאָטן באַוועג, אויף זוניגן לאַנד,
פעסטער באַשטאַנד
מיט גלוסטיגן חלום
נאָך זעלישן שלום.
שטילע קיל, פּיאַנאָ-שפּיל . . .

